M. SZULSZTEJN

# WIERSZE WYBRANE

Redaktor: B. HELLER

רעדאַקטאָר: ב. העלער

**Okładkę projektował: I. REJZMAN**

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa, Nowogrodzka 5

**Nr zam. 1519. Nakład 5,500 egz. Druk ukończono we wrześniu 1954 r.**
**Ark. druk. 10,25. Ark. wyd. 6. Pap. dzieł. żeber. III kl.** 70×100 cm 80 g
**Druk RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8.** 5-B-54676

## דער טאַטע שטרייקט

— נו, קינדער, שטיל זאָל זיין, נו, קינדער, שווייגט —
זאָגט אַ מאַמע בייז, זאָגט אַ מאַמע גיך.
— נו, קינדער, שטיל, דער טאַטע שטרייקט,
און אַז דער טאַטע שטרייקט —
שטרייקן אויך די טעפּלעך אויף דער קיך.

שלאָפט מען — און מיט הונגער אונטער קאָפּ,
אונטער קאָפּ געלייגט,
אונטער קאָפּ און האַנט...
— אוי, מאַמע, ס'פינצטער, פינצטער, ווי נ'אַ טאָפּ.
— נו, קינדער, שטיל, דער טאַטע שטרייקט,
און אַז דער טאַטע שטרייקט —
שטרייקט ביינאַכט דאָס לעמפּל אויף דער וואַנט.

דערציילט אַזוי אַ מאַמע — אַ מאַמע נאָר דערציילט,
און קינדער ווערן קיינמאָל, קיינמאָל מיד צו הערן...
— ווען דער טאַטע קומען,
און דעם שטרייק געווונען,
און ברענגען ט'ער פון שטרייק, —
— מיר — אַ קלייד אַ נייע,
— מיר — שיכעלעך אַ פּאָר,
— און מיר... און מיר... און מיר... —
אַזאַ־אַ גרויסן ברויט!
— און פאַר מיר אַ פּענדעלע,
אַ פענדעלע אַ רויטס.

וואַרט מען אָפּ אַ נאַכט, אַ טאָג, אַ צווייטן און אַ דריטן:
ווען אָנקומען אַ גרוס פון שטרייק,
אַ גרוס פון שטרייק אַ גוטער.

ווען אָנקומען, ווען קומען — און געקומען אויפדערנאַכט —
געברענגט אַ גרוס — געברענגט אַהיים אַ טאַטן אונטער הענט:
קאָפּ אין ווונדן,

קאָפּ אין בלוט אַ סך, אַ סך, אַ סך,
קאָפּ אין באַנדן, אין באַנדאַזשן ווייסע איינגעבונדן,
איינגעוויקלט און פאַרוויקלט, ווי אַ הייפטל קרויט.
און פון באַנדן, אונטער ווייסקייטן אַפער,
ווי צוויי גלאַנצנדיקע שטיקלעך אייז פון אונטער שניי, —
קוקן אויגן פּראָסטיק, קאַלט און שטום,
קוקן אויגן ווייטיקדיק אַזוי.
בלייבט אַ טאַטע ליגן שטיל און שווער,
בלייבט אַ טאַטע ליגן און ער שווייגט,
און פאַר קינדער נישט געברענגט,
נישט געברענגט פון שטרייק —

קיין קליידעלעך,
קיין שיכעלעך,
און נישט קיין ברויט,
נאָר אַ העמד מיט בלוט, —
אַ פּענדעלע, אַ פענדעלע,
אַ רויטס.

## יוסף קאשעווסקי

אַז נישט געציטערט האָט דער טראָט, ווען מ'איז געגאַנגען,
נישט געשוידערט האָט דאָס האַרץ פאַר פּחד און געפאַר, —
אויף ברוקן שטיינערנע, אין בלוטיקע געראַנגלען
קען זיין אַליין דאָס האַרץ אויך ווי אַ שטיין נאָך האַרט.

איז וואָס דען. בליי און טויט, און גרויל, און בלוט,
ווען געוויטער זינגט און ראַשט אין הערצער? —
איז גוט דערמאָנען איצט אין גאַנג, אין רויש פון טריט —
אויגוסט ניינצנהונדערט פערצן.

ס'איז פריש אַזוי און וואַרעם נאָך די ווונד, און אָפּגעדעקט;
און פליסט פון אונדז אַלץ מער מיט בלוטן נייע, —
ביסטו, ווי מיר, ווי אַלע דאָ, אַוועק
מיט מאָנענדיקן קול און הייסן בלוט צושטייער.

אַוועק אַזוי אויף פיין, אויף זאַלפּ, אויף שונאס שווערד,
אַ שטאָלצער אָט־אַזאַ, אָ, חבר מיינער,
און דאַרף מען ווו — איז קיינמאָל שוין נישט שווער
דעם קאָפּ אויך אַ פאַרבלוטיקטן אַוועקלייגן אויף שטיינער — — — —

איז אָפּגעגאַנגען נאָך אַ טאָג אין אומרו און אין וויי,
נאָר ווי אַ הייסער קנויט אין אונדז געבליבן ז'יענע רגע,
און ווידער אומעטום אויף שווערד, אויף זאַלפּ, אויף בליי —
אויגוסט רויט מאַרשירט אויף אַלע וועגן.

און ווען עס וועט אַ פאַל טון הילכיק יענע שעה,
ווי אַ גראַנאַט פון בונט אויף קעפּ פון הענקער —
געשווירן האָבן מיר ביים בלוט און ביי דער רויטער פאָן —
קיינמאָל נישט פאַרגעסן, קיינמאָל, קיינמאָל שענקען.

## גייען יאַטן

גייען, גייען יאַטן, גייען אין אַ מאַרש,
אומרו אונטער פּיאַטעס, אומרו גיכער שלאָגט,
דראָונג אין די פּויסטן, אין די פּויסטן — ראַש,
רופּט אַ פּויק און פּייקלט — אונטער פּיס דער ברוק.

פּויקן פון וואַרשטאַטן, פּויקן פון קאַמיוג,
רוף אויף קעפּ פּאַרוואָרפן, רוף פון רויטער פּאָן —
— העי, פון געסלעך קרומע האַסטיקער צעטראָג
אָנזאָגן אויף גאַסן: מיר, מיר זענען דאָ!

זאָלן שונאים הערן אומרואיקן טראָט;
שטילן האַס פון הײמען — הויך דערלאַנג אין גאַנג!
העכער מיט געשריי! מיט שטאָלצע ניינצן יאָר
איז אַזוי געגאַנגען נפתלי צו דער וואַנט.

גייען, גייען יאַטן, גייען אין אַ מאַרש,
אומרו אונטער פּיאַטעס, אומרו גיכער שלאָגט,
דראָונג אין די פּויסטן, אין די פּויסטן — ראַש,
רופּט אַ פּויק און פּייקלט — אונטער פּיס דער ברוק.

ציטערן גאַרדינען, ציטערט ווייכע האַנט,
איבער שטילע דילן ציטערן די טריט,
אויסגעשרייען שפּיזיק שטעכן דורך געזאַנג:
—נידער! און — זאָל לעבן! — נידער! — נידער! — ניד... —

ווער האָט נישט דערענדיקט, ווער האָט נישט דערזאָגט,
וועמען האָט די ווונד דערשטיקט געשריי פון מויל,
וועמען האָט געטראָפן... וועמען דאָרט ביים ראָג... —
עמעצן דערוואָרגן האָט דאָס קול אַ קויל....

בלוטיקער די ווונדן, גליאיקער — דאָס וואָרט,
הילכיקער און העכער, הויך געזאַנג אין גאַנג!
העכער מיט געזאַנג! מיט שטאָלצע נײַנצן יאָר
האָט אַזוי געזונגען נפתלי אונטער וואַנט.

גייען, גייען יאַטן, גייען אין אַ מאַרש,
אומרו אונטער פּיאַטעס, אומרו גיכער שלאָגט.
דראָונג אין די פּויסטן, אין די פּויסטן — רעש,
רופט אַ פּויק און פּייקלט — אונטער טריט דער ברוק.

# דורך קראַטעס

.1

אַלע קעשענעס שוין דורכגענישטערט,
דורכגענישטערט, דורכגעמישט געניט,
איז פון בלעטלעך אַלע דורכגעמישטע
געבליבן נאָך אַ לעצט־פאַרצייכנט ליד.

לויפן פלינקע פינגער איילִיק נאָכאַמאָל אַרום,
ווי עיפּושדיקע שטשורעס, אויף מיין גוף:
— האַ, פאַראַן פאַפירן נאָך? און די ביבולע ווו?
און דאָס? נו, יאָ... אַ לעצטער דירעקטיוו...

אַלע לידער שוין צונויפגעקליבן,
דורכגענישטערט, דורכגעמישט געשווינד —
איז אַ ליד, אַ ליד נאָך איינס געבליבן —
זינגט עס איצט אין מיר צווישן ווענט.

.2

אינדערפרי. מען האָט אונדז שוין געציילט,
געציילט — אויף יעדן קאָפּ אַ לחמא ברויט —
שניידן איין זיך איצטער אונדזערע ציין,
ווי טעמפּע זעגן אין זיין האַרטער הויט.

און מיט פינגער קנאָכיקע און שטייפע
לעכערן מיר, גראָבן מיר זיך איין
אינעם ווייך אין טיפן אינעם פייכטן,
ווי מיט רידלעס אין אַ קלעפּיק־פייכטן ליים.

אַ ביס, אַ זופּ, און ליכטיק פון דער שיסל
שפּיגלען אויגן אונדזערע אַרויס ביי יעדן זופּ —
איז העי זשע, זאָל אַ ליד זיך איצטער גיסן
הויך און ברייט פון אונדזער יעדנס ליפּ.

פֿוועק מיט מויערן, סופּיט, מיט דיל, מיט נאַרע!
פֿאַר קולות אונדזערע ווערט ענג, ווערט ענג,
אַז געזונגען — זאָל די לופֿט צעשפּאַרן,
אַז געזונגען — זאָלן פּלאַצן ווענט!

ס'איז איצט איין גוף, איין קאָפּ פֿון דרייסיק קעפּ,
און אין צעלע — אַלע ווי נ'איין הויט —
גיסט אַ ליד פֿון ליפּ צו ליפּן — קלעפּיק,
ווי קלעפּיק ס'איז דאָס שוואַרצע, ראַזאַוואַטע ברויט.

.3

דורך קראַטעס פֿון ווייט צי פֿון נאָענט —
אַלציינס אומעטום קוקט אַריין —
דער זעלבער הימל דער בלאָער,
די זעלבע זון, וואָס שיינט.

איז הימל היינט גראָ פֿון פֿאַרטאָג אָן,
און זון אַזוי קאַרג איז און ברוגז, —
זיצן מיר דאָ און מיר טראָגן
אַ זון אין אונדזערע אויגן.

ס'איז עמעץ געקומען פֿון ווייט,
געקומען צו אונדז און צוזאַמען
געזעצט זיך, געלערנט, דערציילט —
איז ליכטיק געוואָרן אין קאַמער!

איז גוט איצטער הערן און וויסן,
אַז ווייט אויף דער ערד ערגעץוווּ,
אין אַזעלכע שטיינערנע תּפֿיסות
זענען דאָ אויך אַזעלכע ווי מיר.

און אויף ווענט אַט אַזעלכע גראָע,
דורך קראַטעס קוקט דאָרטן אַריין
דער זעלבער הימל דער בלאָער,
די זעלבע זון, וואָס שיינט.

.4

נאַכט אין צעלע. פינצטערניש און שווייגן
ליגן מיר אַ חברה אויפן דיל.
איז נאָך דאָ אַן אָרט וווּ צום פאַרלייגן —
סטייען מיר און סטייען אַזױפיל.

וואָס זשע בלײַבט דען איצטער, וואָס זשע בלײַבט דען אונדז? —
קום, ברודערקע, אוועקלייגן דעם קאָפּ
אויפן ברעט אויף הארטן פון רעזשים,
און פאַרגיין זיך אינעם דרייסיק אַטעמדיקן כראָפּ.

וועמעס קוויט און וועמעס קאָפּ, און וועמעס האָר,
וועמעס שוויים און וועמעס לייז — אַלציינס,
דרייסיק כראָפּן, דרייסיק אָטעמס אין איין כאָר,
אין יעדן ווינקעלע די לופט צערייסט.

קריכן שעהן — עך, ווער וועט דען שלאָפן,
ווער וועט שלאָפן כאָטש אַ שעה אַ גאַנצע? —
אַז ס'איז אונדזער רעזשים באַוואָפנט
מיט תפיסות, מיט קראַטעס און מיט... וואַנצן.

איז נאָך דאָ אַן אָרט וווּ צום פאַרלייגן —
סטייען זיי און סטייען אַזױפיל —
נאַכט אין צעלע. פינצטערניש און שווייגן.
ליגן מיר אַ חברה אויפן דיל.

.5

אינמיטן נאַכט
האָט מען גערופן עמעצן פון אונדז —
אינמיטן נאַכט,
מיר האָבן אַלע לאַנג געוואַכט,
געוואַכט,
געהערט:
ווייט,
אין קאָרידאָרן־טיף
גייען אָפּ די טריט
שטיל,
שווער,

און פון ווייט,
פון קאָרידאָרן־טיף
שטעכט אַריין זיך שאַרף
אין אונדזער אינגעווייד:
— דאַכט:
מען שרייט?
— האַ?...
— וואָס?...
— שאַ...
יאָ,
מען שרייט!!
— מ ע ן ש ר יי ט!!!
— — — — — — — — —
אינמיטן נאַכט
האָט מען גערופן עמעצן פון אונדז —
אינמיטן נאַכט,
מיר האָבן אַלע לאַנג געוואַכט,
געוואַכט.

# מיין מאמע

## 1. ביים מחזור

געוויס, געוויס איז מיר אַ שאָד, מאַמע,
וואָס דו וועסט איצט נישט הערן אָט די סטראָפן,
און נישט פאַרשטיין אַפילו מיינע רייד,
כאָטש נאָענט זענען זיי,
ווי דו אַליין.

שטייסט איצט גאָר געבויגן
ביים יום־כיפּורדיקן מחזור
און הערסט נישט אויף צו קלאָגן
אין די אויסגעווייקטע בלעטער,
און בעטסט אַלץ ביי דיין גאָט
פאַר דיר,
פאַרן הויזגעזינט,
און פאַר דיין זון,
וואָס דאַרף
מיטן וואָרט און בלוט
אויף יעדן שטיין דאָ
שטיין און וואַך זיין.

קוק,
אַזויפיל העלער טאָג גייט אויף פאַר אונדז,
און דו אַליין
האָסט זיך די אויגן איצט פאַרשטעלט

מיט די אויסגעוווייקטע, געלע מחזור־בלעטער —
זאָלסט נישט קאָנען זען.

געוויס, געוויס איז מיר אַ שאָד, מאַמע,
וואָס דו ווועסט איצט נישט הערן אָט די סטראָפן,
און נישט פאַרשטיין אַפילו מיינע רייד,
כאָטש נאָענט זענען זיי,
ווי דו אַליין.

## 2. קוק איך ווען אויף דיר...

קוק איך ווען אויף דיר, און ס׳טוט מיר אַזוי באַנג
און אין האַרץ מיינס פּיקט אַזוי און וואָרקעט:
— אוי, פאַרוואָס ביסטו נישט קיין מאַמע אָט אַזאַ,
ווי עס לייענט זיך דאָרט ביי מאַקסים גאָרקי. —

...איז געגאַנגען פּאַוועל מיט דער מאַמען.
„פאָן — אַ רויטער פויגל פליט פון האַנט", —
גייט אַקעגןביידן גלייך, צוזאַמען
„ביקסן־שורה אָנגעשטעלטע, ווי אַ קאַם".

ווי ביי פּאַוועלען, איז ביי אונדז היינט ערשטער מאַי,
ווען אין רויט פון פאָן זיך וויקלען אונדזער שטאָט,
נאָר אָנשטאָט גיין מיט מיר אינאיינעם אין דער ריי,
וועסטו גאָר באַוויינען באַלד מיין יעדן טראָט.

און אָנשטאָט טראָגן פולע טעפּלעך שווערע
אונטער דער פּאַטשיילע פּראָקלאַמאַציעס צו די טורמעס,
טראָגסטו שטענדיק אין די טעפּלעך — טרערן,
טרערן אויסגעגאָסענע אויף דיין גורל.

וויינסט און בעטסט ביי גאָט פאַר רו, פאַר זאַט,
און פרעמד איז דיר נאָך אַלץ די פרייד פון מאָרגן, —
אוי, פאַרוואָס ביסטו נישט קיין מאַמע אָט אַזאַ,
ווי עס לייענט זיך דאָרט ביי מאַקסים גאָרקי.

## 3. נאָך ווינציק...

ס'איז נאָך ווינציק, ווינציק דאָס,
וואָס האָסט מיך געבוירן ווי אַ מאַמע,
און קליינערהייט געכאַוועט אויף די הענט,
נאָך ווינציק, ווינציק דאָס —
כ'זאָל איצטער דעקלאַמירן הויך צו דיר אַליין
מיט ווערטער ווייכע, איידעלע, ווי סאַמעט:
— אָ, מ אַ מ ע!...

אַז ווייט פון דיר איז איצטער דער מהלך,
ווו כ'האָב האַסטיקער געלערנט זיך גיין, —
נישט נאָר ווי אַ קליינינקער אַזאַ,
וואָס לערנט זיך
און דראַפּעט זיך
ביי ווענט,
ביי בענקעלעך
צום וואַקלען און צום פאַלן
אונטער ווייכן, מאַמעשן און נאָנטן פאַרטעך, —
נאָר ג יי ן
אויף גאַסן-ברוקן שטיינערנע און האַרטע,
אַפילו אונטער הימלען פול מיט בליי.

אַז כ'האָב געלערנט זיך רעדן, —
נישט נאָר ביי דיר אַ קליינינקער אַזאַ,
וואָס לערנט זיך און שטאַמלט מיט דער צונג
פאַר ערשטער מאַמע-פרייד, —
נאָר ר ע ד ן —
שרייען הויך מיט גרויליק-ווייטיקדיקן אויסגעשריי
פון פיין —

איז נאָך ווינציק, ווינציק דאָס,
וואָס האָסט מיך געבוירן ווי א מאַמע, —
און וועט אפילו ווען דעריאָגן מיך אין גאַנג
דיין שטים,
דיין טרער,
וואָס בעט,
וואָס וואָרנט, —
וועט זי דערטרינקען ווערן סיי ווי סיי
אין שלאַקסרעגנס
פון שטורעם.

## אַ נייער קאַלענדאַר

מיין טאַטע האָט געקויפט אַ נייעם קאַלענדאַר,
העגגט ער אויף דער וואַנט ביי אונדז אין שטיבל,
קוקט אַראָפּ פון אים אַ צדיק אין אַ ראָם,
אַ צדיק אין אַ טכויר, צי אין אַ ביבער.

זייט מוחל, רבי, האָט נישט קיין פאַריבל,
וואָס עס זיצט אַ יונג מיט אַ טשופּרינע,
געבויגן איבער ביכער קעגנאיבער,
און נאַכט נאָך נאַכט ער לאָזט נישט צו די שכינה...

עס קוקט דער יונג און ס׳קוקט דער צדיק — ברוגז.
מיר דאַכט, ער זיצט אין בילד ווי אַ פאַרשפּאַרטער,
קערט אָפּ אַן אומצופרידענער די אויגן,
און ווי מיט אומגעדולד דאָס ענדע יאָר דערוואַרט ער...

רינט וווילגאָטנע פייכטקייט אויפן קאַלענדאַר,
רינט אַראָפּ פון וואַנט אין אונדזער שטיבל,
איז נאָס דעם צדיקס שטערן, קוק איך און מיר דאַכט:
ס׳שוויצט דער צדיק אין זיין שטריימל, אין זיין ביבער.

און דאָך איז קאַלט — ס׳איז קאַלטער יאַנואַר,
כ׳איז קאַלטער יאַנואַר אין קאַלטן שטיבל —
און קאַלט דאַרף זיין דעם צדיק אויפן קאַלענדאַר —
זייט זשע מוחל, רבי, האָט נישט קיין פאַריבל.

# אַ פרימאָרגן אין דער היים

אַ פרימאָרגן אין דער היים.
ווי שפּעט ס'איז, ווייס איך נישט —
דער זייגער אויף דער וואַנט
איז קאַליע שוין פון לאַנג.
גלייכגילטיק און רואיק הענגט דער אומרו —
אַ שטומע צונג.
דאָס פערטע פּיסל
פון אַן אַלטער און צעהאַקטער טאַבורעטקע
האָט אינגאַנצן אויסגעברענט אין קיכל
און דערוואַרעמט קוים אַ טשייניק וואַסער.
מיט אַ דינעם בליק, ווי מיט אַ מעסער,
מעסט מיין מאַמע דורך אַ ברויט
און רעכנט אויס,
צי ס'וועט זיין גענוג אויף היינט,
צי נישט,
און מיט אַ ציטערדיקער האַנט
און מיט אַ שווער געמיט און האַרץ, —
אָ, מיט אַ שווערער האַרץ,
ווי בעת מען לאָזט אַראָפּ אין ים אַריין
שווערע, פולע זעק מיט שפּייז־פּראָדוקטן —
לאָזט זי פאָרזיכטיק אַראָפּ אין אַ גלאָז טיי
צוויי שטיקלעך צוקער...

# מיידלעך

מיידלעך מיינע, טייערע,
כ׳גיי מיט אייך.
ס׳איז גרינג און זינגענדיק דער גאַנג.
מיר גייען דורך דער סאַמע מיט פון גאַס.
מיר איילן זיך, —
נישטאָ קיין צייט...

כ׳ווייס,
און אַזוי איז עס:
אַנשטאָט
דער בענקעניש
פון יענע לידער און ראָמאַנען —
טראָגט מיסתמא פון אייך יעדער:
אַ לאָזונג אויף די ליפּן
און אַ טראַנספּאַרענט באַהאַלטן אין בוזים.

מיידלעך מיינע, טייערע,
ס׳האָבן אייך שטענדיק פּאָעטן געזען
דורך זיידענעם וואָלן־געפלעכט —
און איך
זע אייך איצטער פון דאַנען
דורכן אייזערנעם קראַטן־געפלעכט פון...
(איר ווייסט שוין פון וואַנען..).

## מיר זענען ביידע דאָ געגאַנגען...

מיר זענען ביידע דאָ געגאַנגען זאַלבעצווייי,
געגאַנגען זאַלבעצוויי
און זאַלבעטויזנט,
ווען אויפגעשטאַנען איז אַ גאַס
פאַר בלוט,
פאַר וויי,
מיט אומרו
און מיט מוט
אין הונגעריקע פויסטן.

מיר זענען ביידע דאָ געגאַנגען זאַלבעצווייי,
מיר זענען דאָ געגאַנגען
זאַלבעטויזנט —
האָט אויפגעהילכט אַ גאַס
מיט קולות
און מיט בליי,
מיט פייער
און מיט זאַלפּ
און היציקע גערוישן.

און אין גערויש,
אין אויסגעמיש פון טריט,
פון שנעלע און צעפּלאַטערטע געיעגן,
אין הייסן און אין שווינדלענדיקן לויף —
מיר האָבן זיך פאַרלוירן
אויף דער גיך
אין פּלאָנטער און אין ענגשאַפט און באַוועגונג,
און אין גערויש, אין פּלאָנטער און געלויף,
אין אויסגעמיש פון טריט —
כ'האָב דיך געזוכט,
און אויפן ווייטן ברוק,
אויף האַרטן גאַסן־ברוק —

געפֿונען טראָפּנס בלוט,
טראָפּנס פֿון דיין בלוט,
און אויפֿן ראָג,
אויף רייכן, פֿרעמדן ראָג
האָט אַ קאַלטער שטיין
געקילט דיין הייסן קאָפּ...

## האָסט היינט געשמייכלט צו מיר...

האָסט היינט געשמייכלט צו מיר,
כ'האָב געזען,
ס'האָט דיין מיידלשער קאָפּ זיך געוויגט
צווישן צוויי באַגנעטן אויפֿגעהויבענע, שלאַנקע,
ווי דיינע ניינצן יאָר.

געווען איז שטיל אין זאַל.
אַרום מיר האָט זיך דערוואַרטונג געוויקלט.
כ'האָב קוים געהערט:
„— דער באַשולדיקונגס-אַקט וואַרפֿט פֿאָר
דער פֿריילן...
...עס לויטעט דער אַרטיקל...
...אונטערן פּאַראַגראַף...”
דערנאָך האָסטו אַ זיכערע פֿאַרהויבן אַ האַנט,
ווי לענין אויפֿן בילד:
— נישטאָ אַזאַ קראַפֿט...
און דערנאָך האָב איך ווידער געהערט:
„— אין נאָמען פֿון געזעץ —
דער אורטייל באַשטעטיקט...”
און אויפֿן קרייץ
איז יעזוס געהאַנגען, געשוויגן,
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט —
מ ס כ י ם — — —

האָסט היינט געשמייכלט צו מיר.
כ'האָב געזען,
ס'האָט דיין מיידלשער קאָפּ זיך אויפֿגעהויבן שטייף,
און פֿון צווישן צוויי באַגנעטן אויפֿגעהויבענע
האָסטו געשמייכלט, געשמייכלט צו מיר —
— צ ו ם ו י ד ע ר ז ע ן!...

## 1905

ברעגן, ברעגן, ווייסל־ברעגן, כ׳שטיי און קאָן נישט גיין פונדאַנעץ, —
וואָס זשע קענען ווייסל־ברעגן, גרינע ברעגן דען דערמאַנען?

---

אינעם ווייסל־לאַנד איז פרילינג. גרינען פעלדער, ביימער בליען,
נאָר אויף ערד, אין לאַנד פון ווייסל יעדער בוים וואַקסט אויס אַ תליה.

ציטאַדעלן־ווענט ביי זייטן, שטאַרצן קעפּ פון פּאַוויליאָנען.
שווייגן ברעגן, הערן ברעגן, ערגעץ שפּאַנען טויט־פּלוטאָנען.

אויף דער ווייסל שווימט אַ שיפל, פירט צו צום ברעג געהילץ.
ערגעץ שטעלט מען איצט אַ תליה, פאַלן קלעפּ באַגינען, שטיל.

שווימען שיפלעך אויף דער ווייסל, שווימען יאָרן יאָר נאָך יאָר,
און אויף תליות ווינט שוין הוידעט, טרייסלט ווינט פון פינפטן יאָר.

לאַנד אין בלוט און לאַנד אין שטרייקן, טרייסלט לאַנד, גובערניעס
טרייסלט.
רינען, רינען רויטע ריטשקעס פון דער וואָלגע ביז דער ווייסל.

וויפל נעמען, וויפל נעמען, ווער ס׳איז דאָ געווען, פאַרבליבן,
מיט געביין, מיט בלוט אין טיפקייט פון דער ערד אָט דאָ פאַרשריבן. —

נאַכט אויף ווייסל, נאַכט אין שווייגן. אַ קאַרעטקע איז פאַרפאָרן.
קעפּ. זשאַנדאַרמען. בליצט רציחה, בליצט פון אויגן, שאַבליעס, שפּאָרן.

שטאָנס זיך ביי זייט אַ גלח, אַרום האַלדז אַ תפילה פלעכט זיך,
שאָקלט זיך אַ רב און שעפּטשעט מיט די פרומע, ריינע לעפּצן.

אַ קאַרעטקע — אָפּגעפאָרן, בלוט אין ווייסל — אָפּגעפלאָסן.
און אויף קעפּ פון פּאַוויליאָנען וואַקסן לאַנג שוין נייע גראָזן.

אינעם לאַנד איז ווידער פרילינג, גרינען פעלדער, ביימער בליִען,
נאָר אויף ערד, אין לאַנד פון ווייסל יעדער בוים וואַקסט אויס אַ תליה.

— — — — — — — — — — — — —

ברעגן, ברעגן, ווייסל־ברעגן, כ׳שטיי און קען נישט גיין פונדאַנען, —
ווייסל־ברעגן, גרינע ברעגן, וואָס זשע קענט איר נאָך דערמאַנען? —

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

# קאַנאַלן

האָט בלאָטיקע קאַנאַל־טיף געטרונקען ראָזעס בלוט,
און זומפּ קאַנאַלישער געקילט האָט ליבקנעכטס וווּנדן —
זענען וווּנדן אויפגעגאַנגען רויטער פון דער טיף,
האָבן וווּנדן רויטער נאָך געצונדן...

טריפן אָפּ די לעצטע טראָפּנס, לעצטע גסיסה־ווערטער טריפן,
אונטער זומפּיקע קאַנאַלן, אונטער בלאָטיקע קאַנאַלן,
אונטן — וווּנדיקער געשריי, און אויבן — שפּאָרן־קלאַנג פון שטיוול,
נאָך העכער זענען גסיסה־כאָרכלען אויפגעגאַן — סיגנאַלן — — —

האָט נאָכאַמאָל אַ ריס געטאָן געשריי זיך פון קאַנאַלן טיפע,
פון קאַזאַרמעס, אונטערערדן, קאָנצענטראַציע־לאַגערס,
האָט נאָכאַמאָל אַ ריס געטאָן געשריי פון ראָזעס שוועסטער, ליבקנעכטס ברידער,
און נאָך שטייפער האָט פאַרקרעמפּט זיך פויסט פון וויטיק, פויסט פון וואַגן.

האָט זיך אינעם בליק פאַרשטאָכן שאַרף פון שוואַרצע האַקנקרייצן,
רינען אָפּעט רויטע לוזשעס פון מיין קלאַס אויף דייטשלאַנדס גאַסן —
וועט אַ זון פון טויזנט יאָרן דען באַווייזן בלענדן, פלייצן,
אויסצוטריקענען אַזויפיל נאַסע, קלעפּיקע באַנדאַזשן?

וועט אַ זון באַווייזן בלענדן, טריקענען אַזויפיל וווּנדן? —
בלוט — פון שיידעמאַן און נאָסקע, פון צערגיבעל און פון היטלער, —
ס'איז דאָס בלוט און ס'זענען וווּנדן — פון איין קייט — די זעלבע רינגען,
ס'איז דאָס בלוט און ס'זענען וווּנדן — פון איין בייטש — די זעלבע ריטלעך.

טריפן אָפּ די לעצטע טראָפּנס, לעצטע גסיסה־ווערטער טריפן,
אונטער בלאַטיקע קאַנאַלן, אונטער טיפע אונטערערדן,
שווימט דער ריין און אומרו־כוואַליעס טראָגן לעצטע רויטע רופן,
לויפן כוואַליעס, לויפן רופן און אויף הערצער — שטיינער שווערע.

איילט דער ריין זיך צו דערציילן, איילט דער ריין נישט צו פאַרבאָרגן,
ס׳פלאַצן נעט שוין! ס׳פלאַצן וווּנדן, וווּנדן פון פאַרנייטע זעק!
שווימט דער ריין מיט בלוט פון גופים, שווימט ביינאַכט... נאָר
אויפצומאָרגנס
וועט דאָס בלוט, ווי אַ געוויטער, שלאָגן גיך צו יעדן ברעג.

וועט דער רויטער ריין אַ ריס טאָן און אַרויס — אַליאַרם־סיגנאַלן,
און מיט הונדערט טויזנט רופן וועט אַוועק דער אומרו־שטראָם,
און פון טיפע אונטערערד, פון קאַזאַרמעס און קאַנאַלן
וועט דאָס לאַנד זיך ראַש אַ טראָג טאָן נ׳אַ געשריי טאָן הויך: ר אָ ט —
פּ ר אָ נ ט!

# באַריכטן

לויפֿן באַריכטן פֿון געגנטן ווייטע,
לויפֿן באַריכטן, ווי ליכטיקע פֿונקען,
לייען איך, און כ'האַלט די פֿאַרבאַטענע זייטלעך
מיט פֿריידיקע פֿינגער.

האַלט איך די זייטלעך — צעפּלאַטערטע פֿאָנען,
לויפֿן די שורות און ס'לויפֿן אָן וועגן,
וויקלען אין רויכן זיך נייע ראַיאָנען,
וויקלען זיך רוישיקע, שלאָגלערישע טעג.

עס מעלדן איצט ווייטע, פֿאַרוואָרפֿענע סטעפּעס,
וואָס האָבן דאָס ערשטע מאָל טריט ערשט געהערט, —
זיי מעלדן פֿון בויונג, פֿון קראַפֿט און פֿון לעבן,
מיט שטאָל־געקלאַנג ערשטן פֿון האַמער און סערפּ.

לייען איך, אַז ערגעץ ווערט איצטער געשטעלט
אַ פֿרישער קאָלווירט און אַ פֿרישער זאַוואָד,
און אַז ערגעץ אין ווייטן, אין ביראָער פֿעלד
עפֿנט זיך אויף אַ נייע באַד...

האָט זיך דער פּינפּיאָר מיט טראַקטערס צעזונגען,
האָט זיך דער פּינפּיאָר מיט ליכטשיין צעשאָטן, —
אין פֿינצטערע דערפֿלעך — עלעקטרישע פֿונקען,
פֿונקען — און טויזנטער הענט בעזגראַמאָטנע.

לויפֿן די שורות און ס'לויפֿט אָן אַ טראַקטער,
שניידט זיך אין טיפֿקייט מיט שאַרפֿן געשטאַלטע,
און שליידערט ביי זייטן מיט גרודעס צעהאַקטע,
און שליידערט ביי זייטן מיט גרודעס צעמאַלטע.

וויים איך: דער שטאָלענער טראַקטער, וואָס פאָרט דאָרט, —
ער וועט אויך צוזאַמען, איינייננעם צעמאָלן,
צעמאָלן, צעררייבן מיין זיידנס קאַפּאָטע,
צעמאָלן מיין זיידנס אתה־בחרתנו.

און כ׳וויים, אַז אָט דאָרט, אויף באַריכטעטע ערדן,
ביז דאַנען אַהער דאָ, — אָקטאָבער־לאַנד! —
האָסט אונדזערע טאַטעס אלף־בית געלערנט,
און מיך — ווי צו האלטן די ביקס אין דער האַנט...

## לאַנד-אויס, לאַנד-איין

איך האָב געזאָגט: אויף ווידערזעען, מיינע ליבע,
איך האָב געזאָגט: אַ גוטע נאַכט, און בין אַוועק,
ווען ס'האָט מיין היימלאַנד מיך פון זיך פאַרטריבן
אין פרעמדן, ווייטן, אומבאַקאַנטן העק.

געלאָזט האָב איך אַ שאָטן דאָרטן ביי מיין טויער,
וואָס האָט מיין הילכיקן געזאַנג באַוואַכט,
און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אינעם לעצטן לויער
נאָך גייט מיר נאָך די שטאָט, פאַרשטעלט מיט נאַכט.

פון גרעניעץ שוין אַוועק, האָט נאָך פון ווייטן
געטראָגן זיך די היים צו מיין געהער;
זי רייסט זיך מיט געקלאַנג פון שפּאָרן און פון קייטן,
און אין געוויין פאַרגייט זיך שטיל די ערד. — — — — —

עס האָבן זיך פאַרקלערט די פרעמדע פעלדער,
אין יעדן לאַנד פאַרקלערט האָט זיך מיין טראָט,
דעם אָטעם האָב איך ווו פאַרלוירן אין דער וועלט דאָרט
פאַר זוכנדיקער שיין, פאַר אומזין און פאַרבאָט...

נאָר שטיל... — האָב איך מיין אָטעם אַ באַפעל געגעבן,
נאָר שטיל... — ביז איך האָב אים שוין נישט געהערט,
כ'האָב צוגעדריקט אַ שטומער צו דער ערד מיין לעבן,
און זיין האָב איך אַליין געוואָלט אַ גרודע ערד.

די נאַכט איז שטום, געטריי און היט די וועגן,
מיט חידוש קוקן שטערן שטיל און שיין, —
צי וועט זיי דאָרטן איינפאַלן צו פרעגן,
פאַרוואָס איך טאָר היינט אויף דער ערד נישט זיין?

און קאַלט און בייז, מיט שטרענגע רייד, דערהצאָרנט,
האָב איך געהערט — אייראָפּע יאָגט מיך נאָך
מיט אויסגעמיש פון שפּראַכן: „רוקי האָרע!"
און „האַלט דאָרט, שטיינבלייבן, די הענדע האָך"!

כ׳הייב אויף די הענט — מיט גרוס דער פריי, זשאנדארמען,
און נישט אויפן באפעל פון אייער ווארט;
און כ׳גיב די הענט און כ׳גיב דאס הארץ דאס ווארעמס —
מיין נישט געפעלשטן, גילטיקן פאספארט.

צום בליק פון הויל געווער און רויטע צורות
האב איך זיך צוגעקוקט און נישט געשטוינט, —
מיין אויג איז שוין געוווינט צו פארבן פון מונדירן
און צום געבליאסק פון קאלטן שטאל געוווינט.

זשאנדארמען, וואכן, לייגט ס׳געווער אנידער!
כ׳בין גלייכגילטיק צו אייער יעדן ריר, —
כ׳האב שוין געזען דעם טויט פון מיינע ברידער,
געפאלענע אויף שטיינער לעבן מיר. — — — — —

דורך יעדער צוים האב איך זיך דורכגעריסן,
זיך דורכגעריסן מיט מיין לעבן און געזאנג;
כ׳בין דא, חברים, ס׳גיט פון מיר צוויסן
מיין מינדסטער שטויב פון וויטן וואנדער־גאנג.

כ׳בין דא, נאר ס׳קען מיך נישט קיין פרייד פארוויגן,
ווען כ׳קוק, מיין היים, ארייז אין דיר פארקלערט,
און ווי א גוטער און געניטער קריגער,
כ׳וועל צולייגן דאס אויער צו דער ערד;

מיט אפגעהאקטן אטעם וועל איך הערן
דירך גרענעצן, דורך פעלדער און דורך שטעט,
ווי גייסט, מיין היים, אין הארבן יאך, אין שווערן,
און ווי דער הייסער אומרו דיינער טרעט.

און ווי ס׳כאפט אויף א ווינט א פונק פון פייער,
כ׳וועל אויפכאפן דעם רויש פון וויטע טריט.
ווי לאנג איך וועל נאר הערן דיך פון וויטיק שרייען,
וועט שטענדיק שרייען אויך מיט דיר מיין ליד.

פאריז, 1937.

# נאכט אין שפאניע

## 1. האַרבסטיקער רעגן

ווי שטענדיק איז האַרבסט אין איראָפּע;
רעגנט, ווי שטענדיק, אין האַרבסט,
הער איך, ווי ס'פאַלן די טראָפּנס
אומעטיק, וויינענדיק, האַרב...

כ'האָב פיינט געהאַט שטענדיק דעם רעגן,
דעם האַרבסטיקן גראָ האָב איך פיינט, —
האָב איך דערוווסט זיך די רגע,
האָב איך די רגע געלייענט:

„אַדאַנק די פאַרגרעסערטע רעגנס,
וואָס פאַלן איצט איבער מאַדריד,
קאָן זיך דער פיינט נישט באַוועגן,
נישט רוקן פאָרויס אויף קיין טריט..."

איך לען איצט מיין דורשטיקן קאָפּ אָן
אויף דער פאַררעגנטער שויב
און צו יעם געפּלייץ פון די טראָפּנס
שיק איך מיין דאַנק און מיין לויב.

דורך זיי, דורך די כמאַריקע טראָפּנס,
צום פענצטערל, צום פאַראַפּעט,
שווימט צו דאָס צעווייקטע איראָפּע
מיט שפּאַנישע, האַרבסטיקע שטעט.

איך זע, ווי זיי שווענקען די פליגל
פון פיינטלעכן, פרעמדן פּילאָט —
וועט זיך דער טויט נישט צעוויגן
איבער די קינדער פון שטאָט.

עס שוועבט אויפן הימל אַ כמאַרע,
מיט רעגן, צי מיט דינאַמיט? —
אויך זי וועט מסתמא פאַרשפּאַרן,
פאַרשטעלן דעם וועג קיין מאַדריד.

כמאַרע, מיין טייערע כמאַרע,
דורך דער פאַררעגנטער שויב,
ס׳ליד, וואָס איז בלוטיק און וואַרעם,
שיק איך דיר אָפּ פאַר אַ לויב.

## 2. ווייַנאַכט 1936 אין מאַדריד

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד.

עס זעט, ווי אין וווּנדערלעך־גוטן און גליקלעכן טרוים
האַקסט אויס אין דער שטוב אַזאַ שטראַלנדיק־ליכטיקער בוים.

ער האָט אַזאַ שטאָלצער זיין רחבות פֿאַנאַנדערגעלייגט,
די לעמפּעלעך ווינקען, ווי שטערן, אַרויס פֿון געצווייג.

— אוי, מאַמע! — רופֿט אויס פֿונעם גליקלעכן חלום דאָס קינד, —
עס שמייכלט פֿון שלאָף, נאָר עס הערט אים נישט קיינער אַצינד...

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד:

צום ווייַנאַכט־בוים קומט אָן צופֿליען אַ מלאך אַצינד,
ער שוועבט פֿון אַ וואָלקן אַרויס און איז לייכט ווי אַ ווינט.

און צאַרט איז זיין בליק און זיין פּנים איז גוט און איז מילד,
און בלאָ איז זיין קלייד און עס פֿאַלדעט זיך, ווי אויפֿן בילד...

ס׳צעקלינגט זיך דאָס גאָלד פֿון די לאָקן אין ליכטיקן רוים,
און ס׳רוישן די פֿליגל און ס׳שורשעט דאָס זיידנס קוים־קוים.

און ווו נאָר ער שיקט זיינע בליקן, ווערט ליכטיק נאָך מער,
עס דאַכט, ווי די זון וואָלט אינגאַנצן אַראָפּ אויף דער ערד.

ער פֿליט פֿונעם הימל, פֿאַר אים האָט דער דאַך זיך צעפֿראַלט,
און גליק וועט ער ברענגען און רו וועט ער היטן דאָ באַלד...

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס׳שלאָפט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד...

אַן אַנדערער מלאך פליט אָן פונעם הימל, פון ווייט, —
פון פייער און רויך — זיינע לאָקן, פון בלעך איז דאָס קלייד...

ער פליט פון אַ וואָלקן, ער פליט פונעם הייליקן רוים;
ער פליט קעגן שטאָט, קעגן רו, קעגן קינדערשן טרוים.

דער הימל און גאָט איבער אים און פון אונטן — די ערד,
און ווו נאָר ער שיקט זיינע בליקן ווערט ליכטיק נאָך מער...

עס ציטערן מויערן אונטער זיין רוישיקן פלי,
און ס'בלייבט, אַ פאַרשעמטע, צעריסן די מענטשלעכע מי.

עס קוקט אין די פלאַמען מבולבל, צעשראָקן די נאַכט,
און הערט, ווי עס קלינגט און עס דונערט דער טויט אויפן דאַך.

— אוי, מאַמע! — צעשרייט זיך פון שרעק און פון ווייטיק דאָס קינד,
עס וואַרפט זיך און וויינט, נאָר עס הערט אים נישט קיינער אַצינד.

און אָפן, צום דרויסן אַרויס, צו דער נאַכט, צו דער וועלט,
עס זעט, ווי עס האָט זיך דער הימל אין פורפור פאַרשטעלט.

און ס'לאָזן זיך נידעריק אַראָפּ אַ פּאָר פליגל צו אים,
און נעמען אים, גרויסע, צעשפּרייטע, מיט חושך אַרום.

עס פילט זייער הויך, זייער אָטעם אויף זיך און אַרום,
און צאַפּלט אין אימה און שטיקט זיך און וואַרגט זיך אין אים. — — —

אַ נאַכט אין דעצעמבער. דער הימל מיט שטערן באַשיט.
און ס'שטאַרבט אונטער זיי און עס חלומט אַ קינד פון מאַדריד.

און אונטער צעוואַלגערטע מויערן, קוילן און פלאַם —
דער חלום ביי אים אויפן שטערן צעהאַקט און צעשראַמט.

עס שמייכלען די אויגן דורך שטיינער, דורך גרוז און דורך רויך,
און ס'שטשירען די ציינער צום הימל, צו גאָט, אין דער הויך.

## 3. צו דער ברענענדיקער שטאָט

הויך איז אַ פינצטערע כמאַרע באַפאַלן,
שטאָט איז באַפאַלן אַ פינצטערע שרעק,
הערט זי, ווי ס׳טופּען די פרעמדע וואַנדאַלן,
שלאָגן, ווי האַסטיקע כוואַליעס צום ברעג.

טופּעט דאָס זאַמדיקע, הייסע מאַראָקאָ,
זשומט אינדערלופטן דאָס גרויזאַמע רוים,
שפּייט איבער גאַסן, אויף דעכער און שטאָקן
רויכן, ווי ווילדן און גיפטיקן שוים.

טופּען די טריט פון באַהאַלטענע העקן,
רוקן זיך נענטער און רוקן זיך שווער,
שוואַרצע חיילות, ווי פינצטערע פלעקן,
ווילן פאַרמיאוסן, פאַרשעמען דיין ערד.

יאָמערט אין חלל דער שטאָל פון סירענעס,
יאָמערט אַוועק אין פאַרוואָרפנסטער ווייט,
אונדזערע אָדערן — אומרו־אַנטענעס,
הערן דיין מענטשלעכן וויטיק, וואָס שרייט.

טייערער, ווייטער, מעטאַלענער וואַיען,
העכער צעטראָג זיך צו מענטשן און שטעט!
ס׳לויפן דורך דיר די געוויינען פון פרויען,
קולות פון קינדער און זקנים־געבעט.

ווער קען דעם עלנט פון אָפענע טירן,
פרייע, געלאָזן צו שאַנד און צו שפּאָט?
ווער קען די בושה פון ליידיקע דירות,
הפקר, פאַרלאָזן, אויף קיינעמס באַראָט?

גיפטיקע, גליאיקע שלאַנגען אויף העלדזער —
וויקלען זיך פלאַמען אַרום אויף מאַדריד,
האָבן די טעג זיך פאַרעקשנט, ווי פעלדזן,
האָט זיך דיין ווילן געשטעלט, ווי גראַניט.

ביזעווען פלאמיקע צונגען און קנאַקן,
קניען געביידעם פאַרשעמטע אין רויך, —
שטייג זשע, מאַדריד, ווי אַ ליכטיקער פאַקל,
גיי אויף אין פייער אַ שטאָלצע און הויך! — — —

שטענדיק נאָך לעבן און רו אַ פאַרבענקטע,
עלנט, אפילו אין חורבות וצעשיט —
אונדז אויף דער ערד און דער צוקונפט אַ דענקמאָל —
הויך, אַ פאַרהויבענע שטיין וועט מאַדריד.

אויב ס'וועט נישט בלייבן קיין שטיין פאַר אַ סימן,
אויב ס'וועט פון חורבות נישט בלייבן קיין קויל —
וועלן דערציילן די שטערן פון הימל,
ווי אונטער זיי האָט געדונערט מיט גרויל.

הערסטו, ווי ס'הילכט אינעם מעכטיקן וווּנדער
אויף דער יבשה, אין לופט, אויפן ים?
דאָס האָט פאַרמאָסטן זיך אונדזער יאָרהונדערט
מיט פאַרוואַקסענעם אוראַלט און סם.

הויכן געשריי און געברום פון אַליאַרמען
האָט זיך געהאַרכזאַם די שטאָט אַנגעטרויט,
ס'וועט זיך נישט בייגן מאַדריד פאַר דערבאַרמונג, —
ז י האָט באַשווירן זיך: זיג אָדער טויט!

זע, ווי מיר האָבן די הייכן פאַרנומען
מיט אַ געטרייען און וואַכן געהער —
פליען באַשיצן די זון אויפן הימל,
פליען באַשיצן דאָס ברויט אויף דער ערד.

אונדזערע אָטעמס — די פרייע פראָפּעלערס!
אונדזערע דופקס — דעם לעצטן מאָטאָר!
איינשפּאַנען וועלן זיך ווינטן און שנעלער
פירן דעם ליכטיקן פלי פון אַ דור!

.1937

# אַ פּרוי אין מעטראָ

פון וואַנען פּאָרט זי דאָס די פרוי אין ווייסן פאַרטעך?
פון מאַגאַזין, פאַבריק — אין אָוונטיקער שעה?
איר מידער קאָפּ פאַלט צו צום באַנק־אָנלען דעם האַרטן
און צו דעם קילן, שוואַרצן פענצטער פון מעטראָ.

צי וואַרט אַ מאַן אויף איר מיט אָנגעגרייטן קוש דאָרט,
וואָס וועט זי זוכן ביים אַרויסגאַנג, פאַר די טרעפּ?
צי וואַרט אַ שטוב מיט גאַז־געזשום, געגרייטן טישטעך,
מיט בלומען אויף די ווענט און אין די בלומען־טעפּ?

ווער ווייסט? איך ווייס נאָר, אַז איר פּנים בעט זיך: אָפּרו.
דורך פודער־פאַרב פון באַקן פּערלט דורך איר שוויים.
דער העלער בלאָנד, ווי מעש צעלאָזטער, פון איר קאָפּ רינט
אַראָפּ, אויף האַלדז און נאַקן פאַלט ער שטראָמענווייז.

געריך פון טאַבאַק, ציימונגס־שאָרך, און ליבע־פליסטער.
זי כאַפּט זיך אויף און כאַפּט אַ בליק אין דער „הימאַ״,
און דרימלט. און רייסט אויף דעם בליק מיט מי אומזיסטער.
די סטאַציעס לויפן דורך אין טומל, אין הו־האַ.

ווי שיין זי שלאָפט. זאָל מיין מחשבה איר נישט שטערן.
איר שלאָף און רו פון מיר ווערט אָפּגעהיט.
עס דעקן אירע וויעס צו אַ טאָג אַ שווערן,
און ס'וויל די וויעס אירע צודעקן מיין ליד.

# פּרילינג

איך פרעג, צי זאָל איך זינגען וועגן פרילינג,
כאָטש ס'איז ווי שטענדיק פרילינג איצטער אויך —
כ'האָב מורא, ס'וועט דער בוים זיך נישט פאַרהילן
אין נייעם צווייט — נאָר אין קאַנאָנען־רויך.

צוואָס־זשע ס'ליד? דער פרילינג וועט עס דאַרפן?
איך זע אים ליגן שוין אויף דרערד פאַרברענט,
פון דייטשע פלאַמען־וואַרפערס אָפּגעשאַרפט,
אויף קויל און אַש פאַרטיליקט און פאַרלענדט.

דאָס קלענסטע בלעטעלע, דאָס מינדסטע גרעזל,
וואַכט־אויף און קוויטשעט זיך אין סם־געראַך,
עס קומט די שוואַלב, וווּ ס'איז איר נעסט געוועזן,
זי קאָן שוין מער דעם וועג אַהין נישט דורך.

עס ליגט איר נעסט, די לאַנג שוין אויסגעבענקטע,
פאַרשליידערט און פאַרשאָטן אין רויִן,
ס'פאַלט אַ טויטן־שטראַל די שוואַלב אַן אָפּגעזעגנטע —
נישט אין דער זון פאַרפלאָנטערט איז איר פלי...

איך פרעג, צי זאָל איך איצט דעם פרילינג הערן,
וואָס וויל צום ליד מיט אַלץ וואָס שיין און גוט —
כ'האָב מורא, ס'וועט דאָס פעלד שוין גרין נישט ווערן,
נאָר רויט — פון אונדזער מענטשלעך בלוט.

עס וויל צוריק אַריין אין צווייג וואָס גיכער
דער קנאָספּ, וואָס האָט נאָר־וואָס זיך אויסגעפּיקט,
ווי ס'וויל דאָס נייע פרילינג־ליד פון דיכטער
אין האַרץ אַריין צוריק.

1939

## דאָס פֿאַרבאָרגענע ליד

ווי אין זיין טונקלער נעסט א פֿויגל — פֿרייד אין הארצן פֿלאטערט,
כאָטש ס׳איז פֿון לאנג דאָס הארץ, פֿון אומרו און פֿון יאָך, פֿארמאַטערט.

ווי קומט עס גאָר, וואָס פֿרייד איז אין א פֿינצטער הארץ פֿאראַנען?
בלויז איך און דו, מיין ליד, קאָנען פֿון דעם אנען.

ווען ס׳לויערט די רוצח־האנט און זוכט מיין לייב־און־לעבן,
האָב איך אין זיך — און זיכערקייט, מיין ליד, דיך אָפּגעגעבן.

איך הער זי קלאַפּט, די האַנט, ביי מיר באַגינען: עפֿן! —
ווי גוט, וואָס זי קאָן נישט צום ליד אין הארצן טרעפֿן!...

זי ווייסט מיין נאָמען, מיין אַדרעס, דעם וועג צו מיין געלעגער,
נאָר וו עס וווינט דאָס ליד אין האַרץ — דאָס איז פֿאר איר אוממעגלעך.

זי האָט א ווייסטן העק פֿאר מיר, אן אָפּגעצוימטן ע ר ג ע ץ,
וו ס׳זאָל מיין בליק אין דראָט־געפֿלאָכטער שטיקן זיך און ווערגן.

זי האָט א בייזע קויל וואָס וויל מיך אָניאָגן, דערגרייכן —
דאָס שטיקל בליי און בליישטיפֿט, וואָס קאָן אלץ פֿארשטרייכן!...

און ס׳איז די נעץ פֿון ראָגן היינט — צום כאַפּן בלויז מיין לעבן —
האָב איך אין זיך — און זיכערקייט, מיין ליד, דיך אָפּגעגעבן.

גייט־אויף אַ פֿרייד אין מיר דורך יאָך און אומרו־צאַפּל,
אַ פֿרייד — אז ס׳ליד אין הארץ וועט איר נישט כאַפּן!...

פּאריז, 1942

# „לאַ סאַנטע"

(תפיסה־לידער)

## 1. פאַרשלאָסן

די טיר פאַרהאַקט. דער שליסל גרילצט געמיין,
גלייך ווי ער וואָלט דאָס האַרץ געוואָלט צעבראָכן.
איך בלייב אין תפיסה־קאַמער איין־אַליין,
און זיין אַ ייד איז איצטער מיין פאַרברעכן.

העי, וועכטער! — קלאַפּ איך אָן אין טיר און ווענט —
צי בין איך שולדיק אין פאַרברעך דעם שווערן,
וואָס ערגעץ אין אַ שטעטעלע האָט נישט געקענט
שטאָט מיר, דעם מענטש, קיין קאַץ געבוירן ווערן?

און וואָלט עס יאָ אַזוי, צום נס, געשען —
וואָלט אויך די קאַץ איר ז יי ן געטראָגן ווי אַ משא?
געוואָלסט אויך איר בלוט געפּאַרשט און נאָכגעזען,
געפּסקנט: טריפהנע און מיאוסע ראַסע?

עס שווייגט די טיר, אַ זיכערע פאַרמאַכטע,
זי ענטפערט נישט און ס'ענטפערט נישט דער וועכטער,
און בלויז אין טיר דאָס יודאַש־אייגל לאַכט
מיט אַ צעלאָזטן, שפּאָטישן געלעכטער...

## 2. אַליין

דער וועכטער גייט אין קאָרידאָר,
די וואָנצן גייען אויפן שטעניק,
איך שפּיל זיך ווילד מיט מײַנע האָר
און רײַס אַ זשמעניע נאָך אַ זשמעניע.

דער לאַנגווייל רײַסט און ווערט נישט מיד,
מײַן האַנט, זעט אויס, שוין מיד אַוודאַי,
פאַרנעם איך זיך מיט וועכטערס טריט
און מיט דער שטעניק־פּראָמענאַדע.

איך ווייס, עס איז דעם וועכטערס גאַנג,
און כ'וויל נישט, ער זאָל שטילער ווערן, —
ס'איז איינציק־לעבעדיקער קלאַנג,
וואָס כ'קען דאָ איצט אין תּפֿיסה הערן...

דעם שטעניק טו איך נישט קיין ריר,
איך לאָז די ברואים רואיק שפּאַנען —
ס'איז ס'איינציק לעבן דאָ מיט מיר,
וואָס איז נאָך, אויסער מײַנס, פֿאַראַנען...

## 3. לאַ סאַנטעי

לאַ סאַנטעי — וואָס איז איר נאָמען אויסן?
לאַ סאַנטעי — ג ע ז ו נ ט אויף אונדזער לשון, —
כ׳זע שוין, ווי אַזוי ס׳געזונט קען אויסזען,
זיצנדיק דאָ וואָכן און חדשים...

לאַ סאַנטעי — מיר ווילט זיך אַזוי לאַכן,
איר נאָמען צודעקן מיט מיין געלעכטער,
אַ שאָד, דער קאָפּ איז מיר נישט היינט צום לאַכן —
כ׳בין קראַנק, און זאָגן גיי איך עס דעם וועכטער.

לאַ סאַנטעי — איך מעלדע זיך צום דאָקטער,
ער זאָל אַריינקומען און מיך באַטראַכטן, —
ער גיט אַ קוק אויף מיר — ס׳איז גאָרנישט — זאָגט ער,
און לאַכנדיק פאַרקרומט, די טיר פאַרמאַכט ער.

לאַ סאַנטעי — אַן אוניפאָרם אין זילבער,
מיט שליפעס, מיט אַ האַקנקרייץ אַ גרויסן,
און מיט אַ פויגל איבער אים, אַ ווילדער,
וואָס שפּעט פון מיר און פּיקט דאָס ליכט פון דרויסן.

## 4. מען עפנט די טיר

כאָטש פרעמד און פאַרהאַסט אַזוי איז אונדז דער שליסל,
איז דאָ אויך אַ רגע, ווען ליב איז ער דיר —
ער גיט ווי אַ מענטשלעכע שטים דיר צו וויסן:
מען עפנט די טיר.

אַ רגע צערייסט ער די שטילקייט אויף שטיקער,
עס גיט אַזש דער לאַנגווייל פון אָרט זיך אַ ריר,
עס גייט נישט אַזוי אין דעם אַלץ, ווי דער עיקר:
מען עפנט די טיר.

ס'איז טייער דיר דעמלט זיין קלאַנג, ווי פון צירונג,
און היימיש איז ער, ווי דער קלאַנג פון געשיר,
ווען ס'גייט אין דיין האַרץ, ווי אין שלאָס, די באַרירונג —
מען עפנט די טיר.

שוין שעהן, ווי כ'וואַרט, עס זאָל עפּעס געשעען,
כ'באַשטיי, מען זאָל קומען און שרייען אויף מיר.
איך וועל עס נישט הערן, דאָס שרייען, כ'וועל זעען:
מען עפנט די טיר.

זי עפנט זיך דעמאָלט פאַר מיר, ווי אַ שמייכל,
איך זע נישט דעם וועכטער, וואָס שטייט דאָרט אין איר —
כאָטש אויך זיין אַהערקומען דאָ איז אַ צייכן —
מען עפנט די טיר.

עס גרייט זיך דאָס האַרץ אין דערוואַרטונג און טרערן,
פאַרנעמען פון שליסל דעם לעצטן באַריר —
עס וועט אַזוי גערן אין טרערן דערהערן:
מען עפנט די טיר.

פאַריז, תפיסה לאַ סאַנטעי. יוני 1941.

## אַ בוים צווישן חורבות

אַמאָל איז אין דער מיט פון הויף אַ בוים געשטאַנען.
געדענקט נאָך ווער, פון וואָס? פון בעז, צי פון קאַשטאַנען? —
וואָס איז אַ חילוק דען? אַבי אַ בוים און — פאַרטיק.
אַבי דער הויף האָט אויסגעזען גאָר שיין, גרויסאַרטיק;
אַבי ער האָט מיט גרינס געפּרילינגט און געזומערט, —
און ווייטער האָט זיך קיינער נישט מיט אים געקימערט;
אַבי געווען איז קיל, מחיהדיק זיין שאָטן,
ווען אָן רחמנות האָט די זון געברענט, געבראָטן.
איף זיינע צווייגן האָבן שכנות וועש געהאָנגען,
עס האָבן ווייבער זיי געניצט פאַר פּראָסטע דראָנגען.
שטאָט וואַסער האָט מען אים מיט פּאַמאַיעס באַגאָסן —
בתשועות־חן... — אים האָט עס נישט צומאָל פאַרדראָסן.
פאַרקערט, בשלום איז ער מיטן הויף געווען.
בלויז בייז זיין פלעגט אויף אים דער סטרוזש, וואָס מיטן בעזעם
געמוזט אַרומגיין האָט אין האַרבסטיק־פייכטן וועטער —
נאָך אים פאַרקערן זיינע געל־פאַרוועלקטע בלעטער...
דערפאַר אין פּרילינג אויפגעלעבט דער בוים האָט ווידער:
זוי נאָר די זון האָט אויפגעהערט איר קידער־ווידער —
איז ער שוין, ווי אַ ייד צום סדר, אָנגעטאָן אין ווייסן,
פאַרלאָקערט שוין צו זיך די שטיפערס — הויף־קונדסים.
און קינדער יידישע שוין פול אַרום פאַראַנען,
און פריילעך נעמט מען אים אַריין אין ראָדע־ראַנע.
אין מיט פון הויף, אין מיט פון קינדער־קרייזן דאָרטן
ער קוועלט מיט נחת פון אַ זקן אַ באַיאָרטן.

באַגין, דורך אים דער הויף איז אויפגעוועקט געוואָרן
דורך פייגל־לידער, דורך קאַפּעליעס, גאַנצע כאָרן,
ער פלעגט פאַרגיין זיך מיט מתיקות, זיך צעלאָזן
אויף טענער אַלערליי פון פייגל — ווירטואָזן,
וואָס האָבן אָפּגעשפּילט פאַר אַלע פענצטער, טירן,
ביז ס'פלעגט דער הויף זיך אויסטשוכען, זיך וועקן, רירן.
באַלד כאַפּט זיך אויף אַ העמערל, דעם כאָר העלפט־אונטער,

אַ נײַ־מאַשין פֿאַרהײבט דאָס קעפּל לוסטיק, מונטער.
באַלד קומען לידער אַנדערע אָנשטאָט די פֿייגל:
אַ ניגון גאָר פֿון וואַרעמע און פֿרישע בייגל;
פֿון קאַטערינקע־קאַסטן אויף איין פֿוס, אַ לאָמער;
פֿון פֿויגל, פֿונעם גורל־ציער — זײַן נשמה.
און אָט געזאַנג פֿון פֿאַיאַנס, וואָס מען גיט פֿאַר שמאַטעס;
פֿון ציינק צעלאָזטן — טעפּ און שיסלען צו פֿאַרלאַטען, —
פֿון בלאָע קעסעלעך קטורת־רויך צעפּאָכעט,
וואָס לעבן בוים גייט אויף מיט הייליקער מלאכה;
אָט איז דעם בלינדנס פֿידל, וואָס זי קען די שטיינער רירן —
באַלד ווערט דער בוים באַשיט מיט גראָשנס אין פּאַפּירן.
און אָט געזאַנג פֿון קונצנמאַכערס אַ חבריא,
וואָס שלינגען מעסערס אײַן און פֿלאַמען — שטיקער פֿײַער,
און שפּײַען רעגנבויגנס גאַנצע — בונטע סטענגעס,
און לאָזן נאָכדעם אויפֿן בוים די קליידער הענגען,
כּדי זיך נאַקעט אויף צעריבן גלאָז צו לייגן,
ווי אויף אַן איבערבעט, און נישט קיין קרעכץ טאָן, שווייגן. — — — —

איצט ווו איז ער, דער בוים? ווער ווייסט פֿון אים דאָרט ערגעץ?
ווער זעט אים צווישן הייזער־חורבות, גאַנצע בערג איצט?
אין טויטן געטאָ דעם פֿון מויערן פֿאַרלייגטן,
אין טויטן געטאָ דעם פֿון טרערן אויסגעווייקטן
ווערט קיינער נישט דעם הויף געפֿינען בשום אופֿן —
איין הויפֿן איז פֿון הויף. פֿון אַלע הייף — איין הויפֿן.
דעם בוים האָט אָפּגעגליקט. געבליבן. אַ פֿאַרשאַרטער
דאָרט שטייט ער ערגעץ ווו אין ציגל ביז צום גאַרטל.
באַשערט געווען צו בלײַבן אים אין ברוך און שימל,
אַ שפּור פֿון הויף, אַ צייכן צווישן שטיין און הימל.
ווען ס'האָט דער שונא פֿון דער הייך דעם דאַך געצונדן —
דער בוים איז אָפּגעקומען בלויז מיט לייכטע וווּנדן.
ווי שנוקעס האָבן די פּראָפּעלערס בייז געוואָרטשעט
און ער האָט אײַנגעשרומפּן זיך, זיך אײַנגעקאָרטשעט,
פֿאַרנומען פֿון די ווענט דאָס מוראדיקע שיטן.
דער נס האָט אָפּגעהיט. דער טויט — אים אויסגעמיטן.
טייל צווייגן זענען ביי אים אָפּגעזענקט, פֿאַרסמאַליעט,
טייל זענען אים צעבראָכן, אויסגעקרומטע, קאַליע,
אַראָפּגעלאָזט צו דרערד, פֿאַרשעמט, אַראָפּגעבויגן,
ווי אויסגעלענקטע פֿליגל פֿון אַ קראַנקן פֿויגל.
נאָר אויף די גוטע צווייגן האָט דער בראַך קיין שליטה, —
דער בוים, ווען פֿרילינג קומט, ווי אַלע ביימער בליט ער.

כאָטש לעבן אים קיין הויז, קיין מענטש, קיין לעבן — קיינער,
און אַרום אים נאָר זענען שטיינער, שטיינער, שטיינער,
און כאָטש אין אַנגעוואַלגער שטייט ער ביז די לענדן
און האָט צו קיינעם נישט צו קערן זיך און ווענדן,
כאָטש אין אַרום איז ער אַן עלנטער — בלויז איינער,
דאָך בליט ער, ווייל ס׳איז פרילינג אויך אויף חורבה־שטיינער.

עס שטייט אַ בוים אין חורבות, שטייט ער איינגעבויגן,
נישטאָ קיין ייד אַפילו מיט פאַרוויינטע אויגן,
וואָס זאָל אַדורכגיין לעבן אים, זיך דאַרפן קוויקן
מיט זיינע קילע שאָטנס, ווען די היץ נעמט שטיקן.
אַ פייגל־פּאָר האָט זיך אַריינגעקליבן נעכטן
צו אים. פון חורבן־שטויב אַ נעסט געגומען פלעכטן.
באַגינען זינגען זיי, כאָטש ס׳הערן בלויז די שטיינער,
זיי זינגען ווי אַמאָל, כאָטש ס׳וועקט זיך מער נישט קיינער...
קיין שטיפערס קומען זיך נישט מער צום בוים באַווייזן
און אים אַריינגעמען אין ראָדע־ראַנע — קרייזן.
וואָלט כאָטש אַ קינד געוויינט, — געוויין איז אויך אַנטשוויגן.
בלויז דאָ און דאָרט מען טרעפט אַ קינדער־שיכל ליגן.
און ס׳דאַכט, נאָך האַלבער נאַכט, פון אַלע ווינקלען הערן
זיי קומען, שטיל — דעם בוים נישט אויפצוּוועקן —
זיי נעמען זיך צונויף, די שיכעלעך, און שפּאַנען
און נעמען אַן זיך אין אַ קרייז — אין ראָדע־ראַנע.
עס שטייט דער בוים אין מיט — אַ זקן אַ פאַרוויינטער. — — — —
נאָר ווען ס׳שאַריעט — ווידער אין די בליטן שיינט ער.
ס׳איז פרילינג, און ער בליט! און בלויז די טויטע צווייגן
זיי זענען טויט און בליען נישט, אַראָפּגעלאָזט אין שווייגן.
די פייגל־פּאָר זינגט־אויף באַגינענדיק, טשיריקעט,
כאָטש ס׳הערט נישט קיינער — זי פאַרגייט זיך אין מתיקות.
און ס׳קוקט דער הימל: סאַראַ וווּנדער, סאַראַ שיינער —
עס שטייט דער בוים אין צווייט און צווישן חורבה־שטיינער!

## כ׳האָב געזען אַ באַרג...

כ׳האָב געזען אַ באַרג —
איז ער העכער געווען פון מאָן־בלאַן,
און הייליקער פונעם באַרג סיני,
נישט אין טרוים — אויף דער וואָר, אויף דער ערד
איז ער געשטאַנען —
אַזאַ באַרג, אַזאַ באַרג האָב איך געזען
פון יידישע שיך אין מאַידאַנעק.

אַזאַ באַרג, אַזאַ באַרג האָב איך געזען.

און פלוצעם, ווי ס׳וואָלט דורך אַ וואונדער געשעען,
כ׳האָב דערזען
ווי ער רירט זיך און רירט פונעם אָרט,
און די טויזנטער שיך שטעלן אויס זיך אַליין
צו דער מאָס, צו דער פּאָר,
און אין רייען —
און גייען...

הערט־אויס, הערט־אויס דעם מאַרש, הערט אויס דעם הימן
פון שיך פאַרבליבענע — דעם לעצטן סימן
פון קליין און גרויס, פון קינד־און־קייט.
אַ וואַרע פאַר די רייען, פאַר די פּאָרן,
אַ וואַרע פאַר די דורות, פאַר די יאָרן! —
די שיך־אַרמיי, זי גייט און גייט.

מיר זענען שיך, מיר זענען לעצטע עדות,
מיר זענען שיך פון איייניקלעך און זיידעס
פון פּראָג, פּאַריז און אַמסטערדאַם.
און ווייל מיר זענען בלויז פון שטאָף און לעדער —
און נישט פון בלוט און פלייש — האָט יעדער
געמיטן דעם גיהנום־פלאַם.

הערט־אױס, הערט־אױס דאָס אױסגעמישטע טרעטן
פֿון אַלע גענג: פֿון רבינס שטיבעלעטן,
און שטיװול פּראָסטע און געמײן,
פֿון פּראָסטע ײדן, פֿון קצבים־שינדער,
און פֿון געשטריקטע שיכעלעך פֿון קינדער,
װאָס הײבן נאָר־װאָס אָן צו גײן.

מיט קלאַנגען אַלערלײ די װילן רעשן:
געשאָרך פֿון חתנס געמזענע קאַמאַשן,
דער כּלהס לעטשעלעך פֿון זײד, —
זײ זענען צו דער חופּה נישט דערגאַנגען,
איצט יאָמערן נאָך זײ די חופּה־שטאַנגען,
פֿאַרלאָזן ערגעץ, אין אַ זײט.

מיר, שיך פֿון יאַס, פֿון מונקאַטש און פֿון אַטען,
װאָס פֿלעגן גײן צו מערק און צו װאַרשטאַטן,
און גײן בשלום אונדזער װעג,
אין קראָם, פֿאַבריק, אין קינדער־שול, אין חדר.
איצט גײען מיר — ירושה פֿון אַן עדה,
װאָס איז פֿון אונדז אַװעק, אַװעק...

װײל ס׳האָט געבײן און פֿלײש דעם פֿלאָם געסטײעט,
האָט אונדז דער פֿײער־פּיסק פֿאַרזוכט און נישט פֿאַרדײעט
און אױסגעשפּיגן אין אַ זײט, —
איצט הערט, איצט הערט אין אונדזער זױלן־סקריפּען,
ס׳צעשײד־געװײן און דאָס מיליאָנען כּליפּען,
װאָס גײט אונדז נאָך װי אַ באַגלײט.

מיר, שיך, װאָס פֿלעגן גײן אין פּאַרק שפּאַצירן,
און חתן־כּלה צו דער חופּה פֿירן,
אין גײן אַזױ דור־אױס, דור־אײן
אױף שמחות, חתונות, און גײן צו קימפּעט,
און הױך אַ טאַנץ־גײן פֿול מיט רעש און אימפּעט,
און רואיק אױף לװיות גײן.

ביז אײנמאָל אין אַ טרױער־צוג אַ לאַנגן,
אױף אײגענער לװיה שטיל געגאַנגען,
צעשײדט מיט גאַנג פֿון אַלט און יונג.
װען לעבן איז אַװעק פֿון אונדז פֿאַרבאָרגן,
האָט אונדז דער סם געשװינט און נישט געװאָרגן,
װײל מיר — אָן האַרץ, אָן קעל, אָן לונג.

אַן אָפּרו גייען מיר און קלאַפּן, קלאַפּן...
ס'האָט נישט באַוויזן אונדז אַריינצוכאַפּן
דער תליון אין זיין רויבער־זאַק, —
איצט גייען מיר צו אים, ס'זאָל יעדער הערן
די טריט, וואָס גייען ווי דער פּלוס פון טרערן,
די טריט, וואָס קלאַפּן אויס דעם פּסק.

און הערט, און הערט, ווער ס'פּלעגט אַמאָל נישט וועלן
דערהערן אונדזער גיין דורך טויטן־שוועלן,
איצט הערט, שטאָט־אויס, שטאָט־איין, —
מיר גייען — טויטער אָפּהילך פון אַ לעבן —
מיר וועלן קיינמאָל אייך קיין רו נישט געבן
און גיין, און גיין, און גיין...

## צו פוילן

צום דערנעענטערן זיך פון די סאָוויעטישע אַרמייען צו דער פוילישער גרענעץ.

הײם, װוּ דװערקײט פון דורות ביז צום הימל האָט געזאָטן, —
איצט ביסטו אין שטויב פון חורבן טיף פאַרזונקען און פאַרשאָטן;

איצט ביסטו דער טאָל פון בײנער, איצט ביסטו דער טאָל פון טרערן, —
האָב איך דאָרט מײן בליק פאַרגראָבן — זוכן די, װאָס מיר געהערן.

אויסגעמישט דער טאָל מיט בײנער, אויסגעמישט די טרערן רינען,
איז דעם זון דײנעם, אַ הײם, זײ שװער דערקענען און געפינען.

גײט ער צו זײן שטאַם אינגאַנצן, צו זײן פאָלק אויף קבר־אָבות —
זעצט זיך נידעריק צו דער הימל אַזױ װײנענדיק, פאַראָבלט.

שפּאַנט ער, און די ברײטע שטחים שנײדט ער שאַרף מיט זײן זכרון,
זעט ער, ס'איז דײן פעלד צעגראָבן, נישט אין בײטן, נאָר אין קברים;

און ס'איז רויט דײן זון־פאַרגאַנג — מיט בלוט, פאַרגאָסן פון רוצח,
און פון דײנע טיפע װעלדער טראָגט זיך װײט מיט מתים־ריח.

טראָגט זיך דאָרט פון דײנע טיפן אַזאַ העלער אויסלײז־חלום —
נישט אין דרערד — װי אין לעגענדעס — זיך צו קאָלערן און ראָלן...

נאָר אויף דרערד, אין גיכן ראָל פון טאַנקען אָנגעטאָן אין װײסן
טראָגט זיך װײט דער שאָל: שטײ אויף! שטײ אויף תחית המתים!

הערסט אויפסנײ געבוירן ערגעץ אויף אַ קלאָרן שנײ־געלעגער,
פאַנצערגאַנג אויף װעגן אײלט זיך — זײן דײן ערשטער בשורה־טרעגער.

ס'ליגט דאָרט אונטער אים דײן מזל, װי אין שנײ — זײן קײטן־זיגל,
זײנע פאָנען — װיקל־שנורן, און זײן יעדער טאַנק — דײן װיגל.

זע, קאָלאָנעס לאַנג, ווי שטראַלן, ציען זיך צו דיינע שווען —
דיך פון האַרטן שלאָף צו וועקן און דיין טרויער צו באַהעלן.

בליאַסק פון סערפּ און הילך פון האַמער גרייכן שוין צו דיינע טירן —
וועלן דיינע שטעט, ווי קריעס, אונטער זייער שיין באַלד רירן.

שווענקט און טראָגט דאָס האַרץ אַ כוואַליע, — שווענקט דאָס האַרץ
אַ פרייד אין טרערן, —
אַז מיין היים וועט באַלד דעם בליאַסק און הילך דערזען און דערהערן.

.1943

# י ז כ ו ר

ווו זענט איר, פריינד פאַרשוווּנדענע פון מיינע אויגן?
קיין קלאַנג, קיין סימן קומט נישט מער פון אייך צוריק,
ס׳האָט נאָך קיין שפּינוועבס אייער אָנדענק נישט פאַרצויגן,
און אין מיין האַרץ פאַרגייט נישט קיינמאָל אייער בליק.

ס׳קומט יעדע נאַכט באַגלייטן מיך צו מיין געלעגער
דער צוג, וואָס האָט אייך אָפּגעפירט. איך הער זיין רוף,
וואָס ווידערקולט, אַ לעצטער, ערגעץ אונטערוועגנס;
איך הער, ער פאָרט אַריבער יעדע נאַכט מיין גוף.

מיין בעט איז ווייס. זיין ווייסקייט רעגט מיך און באַליידיקט,
און אָפט פאַרוואַנדלט זיך אין שוואַרצקייט פון אַ גרוב.
ס׳ווערט פול דאָס אויג און ס׳האַרץ אָן אייך איז ליידיק,
ווי אויסגעליידיקט, פּוסט ס׳איז איצטער אייער שטוב...

ס׳איז אָפט אַ תהום, אַ שוואַרצער תהום מיין ווייסער קישן,
עס קוקט מיין זוכנדיקער בליק אין אים אַראָפּ, —
ער פרוווט דעם שטח צווישן מיר און אייך פאַרווישן.
דורך אָפענער מחיצה זינקט צו אייך מיין קאָפּ.

איך גיי אין שטאָט. עס לייכטן שויפענצטער פילבלענדיק,
און איך — איך זע נאָך אַלץ דעם פּלאַץ אַרום געביין.
פון פריילעכע קאַפייען הילכט מוזיק, ווי שטענדיק,
און איך — איך הער נאָך אַלץ געשרייען פון פאַרגיין.

אין גאַסן גיי איך, ווו איר זענט אַמאָל געגאַנגען,
ס׳איז יעדע מויער דאָ מיר היימיש, אַלט-באַקאַנט,
ס׳באַהאַלט דער ברוק דעם קלאַנג פון טריט שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
ביי טירן בלייב איך שטיין. ס׳וויל אָנקלאַפּן מיין האַנט...

די קליאַמקע גליט אין מײַנע פֿינגער. ס׳גלעקל יאָמערט.
כ׳הער אומבאַקאַנטע שטימען דאָרט, עס קלינגט געשיר,
נאָר איך, וואָס טו איך דאָ? — איך ווייס, איר זענט נישטאָ מער,
כאָטש ווי געוועזן איז די גאַס, דאָס הויז, די טיר.

כ׳אַנטלויף. ס׳לויפֿט נאָך די גאַס ביז אין די ווײַטסטע גאַסן,
אויך זייער שײַן פֿאַרטונקלט אייער שאָטן גלײַך.
כ׳דערמאָן אײַך אין מײַן צער, מײַן ליבשאַפֿט און מײַן האַסן,
און אויך אויף סעודות פֿריילעכע דערמאָן איך אײַך.

כ׳רוף אײַך פֿון פֿײַערן אַרויס, פֿאַרלאָשענע געשטאַלטן,
און פֿאַרכטיק־שטיל איר גייט מיט מיר אויף יעדן וועג.
כ׳האָב אין מײַן האַרץ פֿון אייער פֿלאַם אַ פֿלעמעלע באַהאַלטן —
ס׳זאָל זײַן דאָס יאָרצײַט־ליכט און ס׳ליכט פֿון מײַנע טעג.

## יידישע קעמפער

איך זע זיי מיט שטריק אויף די העלדזער, ווי טייערסטן, הייליקסטן צירונג;
מיט לעכער פון קוילן אין לייב, וואָס פאַררייסן מיין ראיה מיט בלענדונג.
אין נעכט פון דערמאָנונג און פיבער איך הער זייער שאָרכן־באַרירונג —
זיי קומען אַריין אין מיין ליד מיט די הענט אויסגעשטרעקט, ווי אין ווענדונג.

מיר דאַכט זיך, זיי טראָגן, ווי לוחות, די פּראָסטע, די הילצערנע ברעטלעך
פון זייערע קברים, און שטעלן זיי אויס אויף מיין טישל, ווי ליכטער,
און כ׳זע אין דער שיין, ווי זיי שטייגן פון קעלערס, פון היימישע שטעטלעך,
ביז צום עשאַפאָט פון טולוז, ביז צום טויט־סלופּ פון דייטשן פאַרניכטער.

מיט קעפּ דורכגעזאַלפּט און געזאַלבט מיט דער גלאָריע פון העלדישער גבורה —
איך הער זייער אַנקום, איך הער זייער שפּאַנען דורך פראַנקרייכס מהלך.
אַ, קליין איז און ענג פאַר די אותיות פון זייערע נעמען מיין שורה,
ווי קליין ס׳זענען ברעטלעך פאַר נעמען פון ראַלניקאַס, מוניע און וואַלאַך.

זיי האָבן די טרערן פון יידישע קינדער געקליבן ווי פונקען,
די טרערן פאַרביטן, פאַרוואַנדלט אין שפּליטערס צעשפּריצטע פון אויפרים —
און ס׳האָבן זיך תהומיקע טיפן געעפנט — דעם פיינט צו פאַרזינקען.
אַוועק איז דער אָפּהילך אין הערצער, ווי בשורות פון גאולה דורך שופרות.

זיי האָבן דעם קנאַק פון פאַרבראָכענע פינגער אין קלאַג און פאַרצווייפל
פאַרוואַנדלט אין הילכיקן שאָס, און די פינגער — פאַרוואַנדלט אין שפּיז.
ווען ס׳האָט זיך די השכות די ווילסטע אין שיכטן געטאָפּלט, געכפלט —
עס האָבן, ווי פינגער, די רערן פון זייער כלי־זין געוויזן...

זיי זענען אַנטשוויגן. נאָך ציטערט אַן אָפּקלאַנג אין הערצער און
קופּערטס,
ווו ס'ליגן פאַרמאַכט, ווי רעליקוויעס, געזעגענונגס-בריוו — סוווענירן;
עס שאַרכט דאָס פּאַפּיר מיט געמורמל פון אָפּשייד. עס שרייען די לופּעס.
און ס'זענען די שורות די לעצטע, די קרומע, ווי שטעגן, וואָס פירן

צו פעסטונגען־זוענט, ווו עס שוועבן אין חלל חלומות צעשאָסן,
נאָר נישט פון פאַרטאָגיקער אורטייל-קאָמאַנדע און ביקסן באַצוואונגען;
ווו ס'האָט נאָך געזאַנג מיטן בלוט פון די מיילער צוזאַמען געפלאָסן,
און בלוט דורך געזאַנג האָט געשיינט, ווי באַגין פון די מאָרגנס וואָס
זינגען...

# דער ניגון פון מיין טאַטנס ניי־מאַשין

אַ ניי־מאַשין איז ביי מיין טאַטן געווען,
איך קען בשום־אופן נישט וויסן זינט ווען,
ווייל ווי כ׳האָב די ליכטיקע שיין נאָר דערזען,
איז זי אין דער היים שוין אַ תושב געווען.
משמעות, מיין טאַטע האָט זי שוין פון לאַנג
באַקומען אין נדן, צי דרשה־געשאַנק.
איך ווייס נאָר דאָס איינע: איך האָב זי דערקענט
צוגלייך מיט מיין מאַמעס פאַרוויגנדע הענט,
איך ווייס נאָר, איר ניגון פאַרנומען האָב איך
צוגלייך מיטן ליד, וואָס פאַרוויגט האָט מען מיך.

ווי גוט איז געווען אונדז מיט איר געזאַנג,
ווען פריילעך געטאַנצט האָט די נאָדל, די שטאַנג,
און שטאָפן געוואַרט האָבן, באַרכנט און טוך,
אַז זי זאָל זיי טאָן מיט די ציין אַ פאַרזוך.
אַוועק זענען קליידער אַ טוץ נאָך אַ טוץ
מיט לידער פון בולבעס, פון האָפענונג און גוטס,
וואָס האָבן מיט איר אין געזאַנג זיך פאַרהערט.
„דריי נייטאָרינס״ פריצעס האָט מען געהערט,
דאָס ליד פון מיין עלטערער שוועסטער, וואָס מ׳האָט
אין שטעטל געברענגט און עס האָט איינעם ראָד
פון אונדזער מאַשין זיך פאַרפלאָנטערט, פאַרדרייט,
געציטערט אין נעט פון אַ יעטוועדן קלייד.

ווי ס׳האָט זיך אין שטעטל דער ווינטער געשטעלט,
אַוועק איז די ניי־מאַשין איבער דער וועלט,
אין דערפער אין ווייטע געשלעפט זיך אַזוי,
פאַרלאָדנט אין פויערישע וואָגנס, אין שטרוי,
מיט טלית און תפילין, מיט אייזן און שער,
און מילכיקע לעפל און טעפ, ווי ס׳געהער.
אַזוי האָט זי גאַנצע געזינדן באַקליידט,
די דערפער אין וואַרעמער וואַטע פאַרנייט.

ווי אומעטיק איז אונדז געווען אָן איר קול,
ווען שווייגן, אָן אַרבעט, פֿלעגט זי ווערן אַמאָל.
געשטאַנען איז זי אין אַ ווינקל אַליין,
די נאָדל פֿאַרחלשט, פֿאַרהאַקט אין די ציין.
אַ נאַקעטע שטייט אין אַ זייט די „פֿיגור",
מען מעסט אויף איר גאָרנישט — פֿון אַרבעט קיין שפּור,
עס גיט איר נישט קיינער קיין גלעט, נישט קיין ריר,
מען הערט נישט קיין סקריפּ, נישט קיין פּיפּס טאָן פֿון איר.
עס שווייגט די מאַשין — און עס שווייגט דאָס געזאַנג,
עס שווייגן די טעפּ אויף דער קיך — שלינג און שלאַנג,
עס פּייפֿט נישט דער טשייניק, עס קנאַקט נישט דער קין. — —

ביז איינמאָל געטראָגן מ'האָט אַוועק די מאַשין
אין דרויסן אַרויס, ווי אַ בעל־מום, און מיט איר
געשטעלט אין אַ וואָגן, אַ פּעק, אַ געשיר,
אַ קינדער און עופֿות. דורך נאַכט און דורך פֿראָסט
עס האָט די מאַשין זיך נאָך וואַרשע געלאָזט...
אַראָפּגעשטעלט האָט זי אַ פּוס אויף אַ הויף
פֿון מוראַנאָוו ערגעץ, אין טומל, אין לויף,
און דאָרט אין אַ קעלער־שטוב איז זי אַראָפּ,
פֿאַרשעמט, ווי אַ יורד, געזונקען דעם קאָפּ.

וואָס זעט זיך ביים מוראַנאָוו אָן אַ מאַשין?
איז מילא, געקומען נאָך איינע אַהין.
עס דרייען זיך רעדלעך, איז דרייט זיך נאָך איינס
אין קעלער, וווּ קאַרג איז און שפּאַרזאַם די שיין;
וווּ ס'בעט איז אַ טיש און אַ טיש איז דאָס בעט
און ס'לויפֿן, ווי שליאַכן, אויף שטאָפֿן די נעט,
אַ קאַנט יאָגט אַ קאַנט, ווי אַ וועג נאָך אַ וועג,
מיט זיי לויפֿן טעג און חדשים אַוועק,
די ניי־מאַשין עלטערט זיך, יערט זיך אין נויט,
עס פּלאַצט און עס רינצלט איר גלאַנציקע הויט,
באַדעקט איז איר קאָפּ שוין מיט זשאַווער און צייט,
דער קאָפּ פֿון מיין טאַטן — מיט זילבערנעם זייד, —
דאָך אַרבעט זי ווידער, דאָך שטייט זי נישט אָפּ.
מיט בוימל דערמונטערט, דערוועקט איז איר קאָפּ.
מ'ליגט אונטער איר צייוקעס, ווי אייער אַ הון,
און ווידער געטאָן, נאָר געטאָן, נאָר געטאָן,
און ווידער געאַרבעט, גענייט און געשטעפּט,
מיט כוחות די בידנע איר עלטער דערשלעפּט.
מיין שרייבטיש נאָך זיין איר געווען איז באַשערט,

ווען מ׳האָט מיינע לידער די ערשטע דערהערט...
זי האָט זיך אויף צייטן פון אומגליק דערוואָרט. — — — —

זי איז אינעם געטאָ מיט יעדן פאַרשפּאַרט.
עס פירט זי מיין טאַטע אין דייטשישן שאָפּ,
אַז ראַטעווען, אויסקויפן זאָל אים איר קאָפּ,
אַז לינדערן זאָל זי דער מאַמען די נויט,
יוו ס׳ליגט — אַ דערוואָרגענער פויגל אין קויט —
דאָס פרעס־אייזן, אומנוציק, זשאַווערדיק, שטום,
און ס׳וואַלגערט אין הויף די פיגור זיך אַרום
מיט ריפּן צעפליקטע. זי ליגט מיט אַ מת,
וואָס אויסגעקוקט האָט ער דעם טויט ווי אַ נס.

וואָס האָט נישט די ניי־מאַשין אַלץ שוין גענייט?
פון לייוונט, פון סאַמעט, פון אַטלעס און זייד;
פון שפּענצערס און העמדער פון היימישן ליין;
פון קליידעלעך קורצע פול קינדערשן חן;
פון אויסשטייערס צאַרטע און שלייערס פון טיול
און שפּיצן פול צניעות און פליטערלעך פול.
איצט ווי דער מאַשין, וואָס זי שטעפּט, וואָס זי נייט, —
בגדים דעם מלאך־המות פאַרגרייט.
עס שווינדלט די גרינקייט פון טמאן געוואַנט,
עס קען מער קיין אַנדערע פאַרב נישט די האַנט.
די נאָדל פאַרביסן אַ גיפטיקע שטעכט,
אַזש ס׳איבלט דער ניי־מאַשין, שטיקט זיך און ברעכט
מיט גרין פון געוואַנט, ווי מיט גרינקייט פון גאַל,
ביז איבערגעפּולט איז געוואָרן דער זאַל,
און מ׳האָט אַ באַפעל איר געגעבן: גענוג! —
אין אומשלאַג־וואַגאָן זי געטאָן אַ פאַררוק.
פאַרלאָדנט נאָך איינמאָל מיט מענטשן און פּעק,
און מיט טאַטע־מאַמע נאָך איינמאָל אַוועק...

זי שטייט אינעם פענצטערן, ענגן וואַגאָן.
קיין ליכט איז נישטאָ — זי באַגייט זיך דעראָן.
אין ווייל דער מאַשין, וואָס זי דאַרף נישט קיין שיין,
וואָס האָט נישט קיין ראיה אויף צווען די פיין,
און ווייל דער מאַשין, וואָס זי איז אַ מכשיר,
דער שטיקנדער קאַלך האָט קיין שליטה אויף איר.
עס רירט זי קיין בלוט נישט, זי פילט נישט קיין טרער.
און ווייל דער מאַשין, וואָס זי האָט קיין געהער

צו הערן די ווידוי, דאָס קריצן פון ציין,
דאָס וואַנזין־געלעכטער, דעם קרעכץ, דאָס געוויין.
זי פאָרט קיין טרעבלינקע. זי טראָגט זיך אַצינד
דורך היימישע דערפער מיט ביימער און הינט,
וו פאָרן פלעגט זי אין די ווינטערס פאַרשנייט,
געזיינדן אין וואַרעמער וואַטע פאַרנייט. —
איצט פירט איר אויף אַרבעט די תפיסה — דער צוג,
מיט שניידערס צוזאַם אונטער דייטשישן באַטרוג.
מען טראָגט, ווי אַ מת, פון באַן זי אַראָפּ,
מען פרווט אויס מבֿיניש דעם שטאָל פון איר קאָפּ.
און מ'האָט זי מיט שניידערס אויף שטענדיק צעשיידט.

און איצטער, קען זיין, אַז פאַרוואָגלט זי שטייט
געפאַנגען אין אומריינעם לאַנד פונעם רײַן,
פאַרמישט איז איר ניגון מיט שטילן געוויין,
און ס'ברעט זי פון דילן דאָס פיינטלעכע ברעט,
אַן אומריינער פוס דעם פעדאַל אירן טרעט
און טרעט אויף די יאָרן, די טעג און די נעכט,
די איינציקע שפור פון מיין היים־שטוב פאַרשוועכט. —

זי שטייט אַ פאַרלוירענע, עלנט און פרעמד,
אַ פיינטלעך געהער איר געניי דאָרט פאַרנעמט —
דאָס איינציקע, היימישע קול אויף דער ערד,
דאָס היימישע קול, וואָס איך וואָלט איצט געהערט;
איך וואָלט זיך געשטעלט לעבן איר, אויף איר ברעט,
און ווי פאַר אַ קרובֿה — פון האַרץ אָפּגערעדט,
און אויסגעפרעגט וואָלט איך זי לאַנג, נאָכאַנאַנד,
פון אַלץ, וואָס געווען איז מיר ליב און באַקאַנט...

און אפשר גאָר שטייט זי פאַרלאָזט און אַליין
אין פעלד, אין דער וויסט פון פאַרלאָשן געביין,
דאָרט צווישן פאַרבליבענע קופּעס מיט שיך
— אויך די, וואָס געיאָגט איר געניי האָבן גיך... —
און אַלערליי חפצים געשווינטע פון פלאַם,
וואָס טוליען זיך איינס צו דעם צווייטן בייזאַם,
און רעשטן פון קליידער, פון מענטשלעכן לבוש,
פון לייווונטן גראָבע ביז איידעלן פּליוש
— אַזעלכע אויך, אפשר, וואָס זי האָט געשטעפּט —
און בייגן זיך איינס צו דעם צווייטן, ווי קעפּ
פון טונקלע געשטאַלטן, פאַרשטאַרט אין געהאָרך,

און באַלד גאָר געניגט אין געשעפּטש און געשאָרך.
און ס׳שטרעקן פון אַרבל זיך קנאָכיקע הענט,
ווי וואָלטן אין רחמים צו איר זיך געווענדט,
געשטרעקט זיך פון קליידער דאָרט אַלעראַליי
און איר אַ באַפֿאַל און באַפעל געטאָן: גיי!

און ס׳קומען צו שלייכן זיך שטיל און בסוד
ביינאַכטיקע ווינטן און דרייען איר ראָד,
און רופן צום ניגון צום אַלטן זי אויף,
זי קריצט מיט די ציין די פֿאַרראָסטע אַרויף,
קריצט אויס אַ געשריי פון פֿאַרלאָזטקייט און שאַנד
און לעכערט דעם הימל — דאָס בלאָע געוואַנט.
פון רעגנס פֿאַרגאָסן, אין וואַסער, אין נעץ,
זי שטייט אַ באַדעקטע מיט זשאַווער, ווי קרעץ.
און ווי אַ פֿאַרפֿייניקטער נביא אין קויט,
וואָס שטייט איבער חורבות, פֿאַרלענדונג און טויט,
— נאָר וואָס אַלץ זיין ליכטיקער בליק נישט פֿאַרלעשט —
זי שטייט אויפן באַרג פון פֿאַרבליבענעם רעשט,
איר ניגון גייט אויף ווי אַ מאָנונג און רופט
און רייסט דאָרט אויף שטיקער דעם חלל, די לופט.
און שטערנדלעך פאַלן פון הימלישן רונד
און קושן איר אויס יעדע קרעציקע ווונד,
פֿאַרדעקן דעם זשאַווער און לינדן דעם ווייי
און פאַלן ווי פליטערלעך צו צום געניי.

פון הייליקער קופּע, פֿאַרהויבן און שטום,
פון טויזנטער ברילן, וואָס קוקן זיך אום
מיט בליקן — פֿאַרלאָשן, שוואַרצאַפּלען — פֿאַרגלייזט —
די ראיה גייט אויף ווי אַ ליכטיקער גייסט —
און לייכטן איר צו צום געניי, צום געשטעפּ,
און הייבן זי אויף ווי אויף שטאַפּלען, אויף טרעפּ.

באַגלייט פון די ליכטער, פֿאַררינגט און פֿאַרקרייזט,
זי טראָגט זיך מיט אימפּעט אַלץ העכער און שפּרייזט,
און כ׳הער אומעטום איר פֿאַרזשאַווערטן קול,
דאָס אַלטע, דאָס היימישע קול פון אַמאָל,
וואָס זאָגט מיר: „דאָס קול פון דיין מאַמען דערקאָן”.
און ס׳קוקן די טויזנטער ברילן מיך אָן,
באַשווערן דאָס האַרץ מיינס פון צאָרן צעגליט:
א י ר נ י ג ו ן ז אָ ל א י י ב י ק פֿ אַ ר ב ל י י ב ן ד י י ן ל י ד.

# אין מיין פענצטער

אין פענצטער מיינעם שטייט א וואָלקן,
א וואָלקן פון טרעבלינקע־רויך, —
מיין לעבן וועט נאָך אים שוין פאָלגן
ביז לעצטן בליק, ביז לעצטן הויך.

ער לאָזט זיך נישט אַוועק אין וואַנדער,
ווי וואָלקנס אַנדערע אין לויף,
עס טרייבט אים נישט דער ווינט פאַנאַנדער,
עס לייזט אים נישט דער רעגן אויף.

מעת־לעת־נוווייז אַזוי כסדר
ער טרעט נישט אָפּ מיין פענצטער־ראַם,
ביז טונקלער ווערן מיינע קליידער,
און ביטער— פון מיין ברויט דער טעם.

זיין חותם לייגט זיך אויף מיין טישל,
זיין שאָטן לייגט זיך אויף מיין ליד,
ביינאַכט איז ער מיין שוואַרצער קישן
פון שרעק־חלומות אויסגעגליט.

עס בייט אים נישט זיין פאַרב די שקיעה,
נישט זון, וואָס גייט פרימאָרגן אויף,
ער איז דאָס ערשטע, וואָס מיין ראיה
דערזעט, ווען איך דערוואַך פון שלאָף.

ער קוקט מיך אָן און ווי אַ משא
באַפאַלט דאָס גרינגע העמד מיין גוף,
און מוטנע ווערט אין גלאָז דאָס וואַסער,
און גראָ — די דלד־אַמות־לופט.

ער האָט מיט מאַכט זיך איינגעזויגן
אין שויב און טרעט נישט אָפּ צוריק.
ער ווײַנט אין בליק פון מיינע אויגן,
ווי ס׳ווײַנט אין אים מיין מאַמעס בליק.

## זינגענדיקע יאָרן

יאָרן, מיינע יאָרן — זינגענדיקע יאָרן, —
אויפן שטויב פון פידלען — שטויב פון מיין זכרון.

ציטערן די סטרונעס, ציטערן פאַרשטויבטע,
און דאָס האַרץ — אין לידער ס׳הייליק־איינגעגלויבטע.

ערגעץ פאַלן טרערן, קלאַפּן אויף אַן אָרון,
און דורך זיינע ברעטער זינגען מיינע יאָרן.

אויסגעלייגטע סטראָפן, איינס ביי איינס, ווי קברים —
זינגענדיקע יאָרן — יאָרן, מיינע יאָרן.

אַ געזאַנג אַ בלוטיקס טראָג איך אין די ציינער,
ווי עס טראָגט די חיה אין געפּאַר די קליינע...

שורות ווי די שטאַפּלען, לידער ווי די לייטער —
קלעטערט דאָרט מיין לעבן, ס׳טראַציקע, פאַרשייטע.

העכער אַלץ און העכער קלעטערט עס און קלעטערט,
ביז דעם גראָען וואָלקן לעכערט עס און שמעטערט.

הינטער גראָען וואָלקן, הינטער די טומאַנען —
וואָס איז דאָרט באַהאַלטן, וואָס איז דאָרט פאַראַנען?

קלעטערט דאָרט מיין לעבן, וויל אַהין דערלאַנגען,
קומען און דערלאַנגען יאָרן און געזאַנגען.

קלעטערט דאָרט מיין לעבן, קלעטערט אויף די שטאַפּלען,
דאָרט אַהין, וווּ שטערן ציטערן און צאַפּלען;

דאָרטן, ווו ס׳דערגרייכט נישט מער דעם פויגלס טרילן —
צו די שטערן־שנורן כ׳וויל דאָס האַרץ פאַרשפּיליען.

פלאָנטערניש פון דערנער און פון דראָטן־קנופּן
האָט אין וועג פאַרטשעפּעט ליד אויף מיינע ליפּן.

פלאָנטער האָט פאַרטשעפּעט, הויט און פלייש צעדראַפּעט,
און פון הויט און לידער בלוט גייט אָפּ און קאַפּעט.

קאַפּעט בלוט פון לידער, פליסט דאָס בלוט פון דורות —
אַז עס זאָלן דערנער לייכטן ווי מנורות;

און פון דראָטן־קנופּן אויפגיין זאָלן בליטן,
ווי אַ צווייג צעבליען אינעם האַרבסט אינמיטן;

ווי די האַנט פון מיידל צאַרט זאָל זיין דער דאָרן —
האָבן זיי געזונגען מיינע יונגע יאָרן.

פאַלן ערגעץ טרערן, קלאַפּן אויף אַן אָרון —
יאָרן, מיינע יאָרן, זינגענדיקע יאָרן.

.1945

## צום צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

באַוויליק מיר, אַ צוואַנציקסטער יאָרהונדערט,
מיך אויסצוהערן אויפמערקזאַם, דערלויב.
כ׳וויל זינגען דיר אַ ליד פון גרויס באַוווּנדער
און אויך פון האַרבער טאַדלונג, ווי פון לויב.
דו האַלטסט, ווי ס׳איז, אַ העלפט שוין ביים דערציִען,
פאַרהייב איך צו דיין יובל אַ טאָאַסט.
כ׳בין מודה, עס וועט זיין פאַר מיר א זכיה
צו האָבן אויך געוועזן ביי דיר א גאַסט.
גייסט אָפּ שוין, האַלב, צו ספּערן ווייט־געהיימע,
צום חלל פון דער קאַטאַקאָמבע — צייט,
צי גאָר פאַרפאַקט, ווי אַלט־פאַרשטויבטע שמות,
פאַרבלייבסט אין בוידעם פון דער אייביקייט.
דער מענטש וועט זיך אַמאָל אין זיי פאַרנורען
און זוכן צו די יאָרן אַ באַשייד.
אויב שטויביק — זיין וועט דאָס א שטויב פון שטורעם.
די צייט, געחתמעטע פון בלוט און לייד,
די צייט, פון גרויזאַמקייט און פון חידושים —
עס גייט דורך דיר אויף שטחים־ווייט צעשיקט
דער אָטעם פון מאידאַנעקער מלבושים,
זוו ס׳האָבן דורות גאַנצע זיך געשטיקט.
כאָטש דורות נייע וועלן זיך שוין קייטלען,
וועט יעדער אַרבל פון א טויטער האַנט
נאָך שטאַרצן דאָרט ארויס פון דיר און טייטלען
און הענגען ווי דער צייכן פון דיין שאַנד.
אָן לעבן, ליידיק, הענגען וועט דער אַרבל
— ווו ס׳האָט דער דופק וועו געקלאַפּט פון הענט —
דערציילן פון א פאָלק, וואָס גייט צום שטאַרבן;
זיין שאָטן, וואָס האָט ברענען נישט געקענט...
פון יאָרן פריערע, נישט צום פאַרגעסן,
צום נישט געקילטן אַש אַ פונק פליט אָן,
וואָס האָט געבלאָנקעט לאַנג פון צוגן־קעסלען,
פון ברענענדיקע גופים אין קאַנטאָן.

געבלאָנקעט יאָרנלאַנג האָט ער אין טרויער,
אין הערצער טיף געטליעט האָט דער פונק.
איצט — ווי אַ וואָרנונג צום תוהו־ובוהו
גייט אויף אין הארצן פון מאָ־טסע־טונג.
ווי שטענדיק וועט אין הימל שטיין די זון דאָרט,
די ערד וועט דרייען זיך מיט מאָס און טאַקט,
נאָר תקופות וועלן, צוואַנציקסטער יאָרהונדערט,
דערמאנען, ווי דו האָסט אמאָל געוואגט.
דערמאנען וועלן ברידערלעכע לענדער,
— וואָס האָבן זיך געברוגזט דורות־לאַנג, —
ווי לענין האָט דיין אָנגעזיכט פארענדערט,
געוויזן דיר אַ שפּאָגל־נייעם גאַנג.
ביי פּופּציק יאָר דער תמצית ביסט פון צייטן;
ווי אַטלאַס, טראָגסט זיי אַלע אויפן קאַרק.
דו הערסט, ווי ס׳קומען דיך, דיין העלפט, באַגלייטן
די לעצטע שאָסן פונעם גראַמאָס־באַרג.
אַ נישט געשטילטן ווידערקלאַנג לאָזט הערן
די נישט באַזיגטע פירעניייען־הויך,
וואָס טראָגט אין זיך דעם האַס פון גערילערא,
ווי ס׳טראָגט דעם פלאַם דער וועזוו אין זיין בויך.
ס׳באַגעגענען זיך עכאָס און צעקושן
און הערסט דערביי, ווי געטאָס פאלן איין
און ווי די שיינע, ליכטיקע „קאַטיושא״
צעפּראַלט די טויערן פון אונדזער פּיין.
זי טראָגט אַ שלום־בשורה אויף די פליגל,
ווי ס׳טייבעלע, וואָס פליט אין חלל פריי,
קיין שפּארבער איז פארלעשן נישט מסוגל
איר שיין, וואָס גייט פון מאָסקווער מאַוזאָליי.
עס האָט דער עקדיש זיך מיט איר געוואָרגן
און בלינד געוואָרן איז ער פון דער שיין,
די נאַכט פון טויזנט יאָר טרעט אָפּ דעם מאָרגן,
ווייל סטאַלין אין דער צוקונפט קוקט אריין.
אין פרילינג אויפגיין וועט דער צווייט פון צווייגן,
אין הארבסט, ווי שטענדיק, וועלקן וועט דאָס בלאַט,
נאָר קיינמאָל וועט צום וועלקן זיך נישט בייגן
דער נאָמען פון דיין תקופה: סטאַלינגראַד.
די פייער־שטאָט, וואָס האָט געשמידט דיין גלאָריע,
ארויסגעפירט דיך צו אַ נייער וואָר,
וואָס איז געווען דער קרבן פון אכזריות

און איז די הייבאם פון א זיגער־דור.
ווען דיר באשערט זיין, צוואַנציקסטער יאָרהונדערט,
דעם לעצטן אכזר פירן צום געריכט,
די היילונג זיין צו אַלע ווייי און וונדן,
פארבייטן יעדע פינצטערניש אויף ליכט —
וועל איך פון קבר דיר מיין ברכה געבן
און זאָגן ביים פארהייבן מיין טאָאַסט:
עס האָט געלוינט, ווי ס׳איז, ביי דיר צו לעבן,
עס האָט געלוינט צו זיין ביי דיר א גאסט.

# אומקער אין פוילן

## 1. אין וועג

געבוירן־לאנד, איך בין אמאָל
אין איילעניש פון דיר אנטרונען,
באשירעמט האָט די נאַכט, ס'זאָל מיך
קיין שום בייז אויג דיינס נישט געפינען...

ווי אין א קלומיקל פארפאקט,
האָב איך פארמאכט אין מיין זכרון
דעם אויסזען פון מיין טאַטנס שטוב,
דערינערונגען, מענטשן, יאָרן.

מיט אלע ליבסטע האָב איך גיך
זיך אָפּגעזעגנט בחפזון.
דער חותם פון מיין מאַמעס טרער
האָט נאָך מיין פּנים נישט פארלאָזן.

וואָלט איך געוווּסט צו זאָגן דאן,
אַ זיי־געזונט אויף אלע צייטן,
ווען קיינער, חוץ די נאכט, האָט נישט
געטאָרט מיך צו דער באן באגלייטן...

מיר דאכט זיך, יענער מערץ־ווינט קלאָגט
אין קאַלנער מיינעם, אים נאָך הער איך,
זינט ווען דער מילכוועג צו דער פרעמד
האָט אָנגעוויזן מיר דעם דרך.

דורך גרענעצן און שוואַרצע נעכט
האָט איך געשוואַרצט דעם ריינעם אמת,
און אונטער ווייסן העמד דאָס הארץ —
א קלומיק לידער און פּאָעמעס.

נאָך קאָן איך נישט ביז היינט־צו־טאָג
זיך שענקען, וואָס ביי מיין צעשיידן
האָב איך מיין מאמען פאלש געטרייסט:
מיר וועלן זיך נאָך זען אין פריידן.

צעשניטן וואָלט איך דיך, מיין צונג,
פאר אַט דעם נישט געוואָלטן ליגן,
פאר אָפּנאַרן מיין מאמען דאן
אויף יענע אַוונטיקע שטיגן...

איצט פאָר איך, קער זיך אום אַהיים,
נאָר ווו וועל איך, מיין היים, דיך טרעפן?
ווו איז דאָס הויז, ווו איז די טיר,
וואָס וואָלט זיך איצט פאר מיר געעפנט?

די הענט, וואָס וואָלטן מיך באגריסט,
מיט פרייד אויף יעדער שוועל באגעגנט;
וואָס האָבן זיך אמאָל מיט מיר
בלויז כלומרשט, אויף דערווייל געזעגנט?...

איצט פאָר איך ווי א גאנצער לייט,
פארפוצט איז מיין וואגאָן אין סאמעט
און ציכטיק־ריין, נאָר מיין געמיט
איז טונקל, ווי א לקוי־חמה.

אין אָרדענונג מיט יעדער מאכט,
און מיין פאספּאָרט איז עכט און כשר,
עס קלינגט דער קעלנער צו דער צייט,
און ס'איז דער אַפּעטיט נישקשה...

נאָר ס'זיצט אין פּיין דער פּאסאזשיר,
פארטרינקט מיט וויין זיין צער־נסיעה,
אַ יידענער קראַוואט פאַרדעקט
דאָס הארץ, וואָס טראָגט אַ טרייסט, אַ קריעה.

ער פאָרט צום לאַנד, ווו אונטער שטויב
פארשאָטן ליגן זיינע יאָרן,
און ווו פארוואלגערט ליגט זיין וויג
און זוכט א וועג צו זיין זכרון.

## 2. גרענעצן

די ערד איז פול מיט גרענעצן און יעדע
פארשריבן חשוב איז אין מיין פאספּאָרט,
אויף זיינע שטעמפּלען — קיילעכדיקע רעדער —
מיט מיר אין אונטערוועגס איירעפּע פּאַרט.

דער צוג איז צו א גרענעץ אָנגעקומען,
מיר ווארטן ערגעץ-ווו אויף קיינעמס ערד.
א בין קומט אָן צום פענצטער מיט א זשומען, —
ווער ווייסט וווהין, צו ועמען זי געהערט?...

דער צוג האָט אָפּגערוט. באלד נעמט ער רירן.
דאָס לאנד געטוישט. נאָך זשומט די זעלבע בין.
עס טוישן זיך די פארבן פון מונדירן,
די פעלדער דאָ, ווי דאָרטן, בלייבן גרין...

ווי דאָרטן, מעלה-גירהן דאָ די קעלבער,
ווי דאָרטן, האלטן זיי פון גראָז און רו,
דער אפּעטיט איז דאָ ביי אונדז דער זעלבער,
ס'איז בלויז געטוישט די קיך און דער מעניו.

עס טוישן זיך מאכלים און באנקנאָטן,
און ווייטער איז דאָס נייע לאַנד נישט ניי,
די פייגל זינגען אויף די זעלבע נאָטן
און פליען דורך אָן וויזעס, פראנק-און-פריי.

די זון פארנייגט זיך העפלעך דאָ, ווי דאָרטן,
מיט זעלבער ווארעמקייט באגריסט איר שיין,
מאַכט אויף ביי אונדז די הערצער און פאספּאָרטן
און לייגט איר זיגל-ראָד אויף זיי: ארייַן...

## 3. אַ רעגנבויגן איבער גרענעצן

פון הימל־ראנד ביז הימל־ראנד,
ווו ס׳גרייכן מיינע אויגן,
אַ וונדער, זע: פון לאנד ביז לאנד
גייט אויף א רעגנבויגן!

זיך אָנגעהויבן אין איין לאנד
און אויסגעלאָזט אין צווייטן,
גלייך ווי ער וואָלט מיט פולער האנט
זיין גנאָד אויף זיי פארשפּרייטן.

צוביידן גלייך ער שענקט זיין חן,
צו ד ע ר זייט און צו יענער.
אויב ס׳זענען רעגנבויגנס שיין,
איז ער פון אלע שענער.

ניין, נישט די פייערדיקע רוט
פון גאָט, וואָס שטראָפט די זינדער;
ער בייגט זיך אָן און בעט: „זייט גוט,
זייט גוט, איר מענטשנקינדער!"

„מיט מיינע פאסן, בונט — א שלל,
כ׳פארבינד אייך, ווי מיט בענדער,
די פארבן מיינע זענען חל
פאר גרענעצן און לענדער".

„איך גרייך אין יעדן לאנד אריין,
כ׳האָב אלע אייך פארבונדן,
עס זאָל נישט מער קיין מבול זיין
פון טרערן, בלוט און וונדן".

איך שטיי ביים פענצטער און איך קוק
און גריס דעם רעגנבויגן.
עס פאָרט דורך אים אדורך מיין צוג,
ווי דורך א טריומף־בויגן...

## 4. דעם ערשטן בוים פון הימלאַנד

דעם ערשטן בוים פון הימלאַנד
באַגריסן מײַנע הענט,
ווי כ'וואָלט אין אים א קרוב
א היימישן דערקענט.

גלײַך ווי ער וואָלט פאַר מיר דאָס
געבוקט זיך צו דער ערד;
ווי כ'וואָלט א „ברוך הבא"
אין זײַן געדויש דערהערט. —

כאָטש פרעמד און פון דער ווײַטנס
מיר זענען זיך געזען,
דורך פאַלנדיקע שטײַנער
האָב איך אים בלויז געזען...

דורך בייזע בילערייען
פון אָנגערייצטע הינט
האָב איך געהערט זײַן רוישן
פון בלעטער און פון ווינט.

געדאַרפט כ'האָב מורא האָבן
צו קוקן אין זײַן זייט,
גלײַך ווי א גרינער טײַוול
צום שרעקן מיך ער שטייט.

מײַן געסל פלעגט נישט לאָזן
מיך קוקן דאָרט אַהין,
ווײַל טריפה איז געווען
די שײנע פאַרב פון גרין...

דאָך פלעגט זיך צו מײַן אָטעם
פאַרגנבענען זײַן דופט,
ער קומט בײַנאַכט צום פענצטער
און פּויקט אין שויב און רופט.

מיר זענען נישט געבליבן
קיין שונאים זיך ביז היינט.
קאָן זיין, מיר קענען אָן זיך
גאָר ווייטע קרובים, פריינד.

מיין בליק פון אים כ׳וועל איצטער
נישט אָפּקערן, פאַרקערט.
מיר זענען דאָך געוואַקסן
אויף איין און זעלבער ערד.

כ׳דערקען אין אים מיין טאַטן,
וואָס קומט פון דאָרף צוריק
מיט שטעקן פאַר די כלבים
און מיט א זעקל גליק...

כ׳דערקען מיין טאַטנס שרעקן
אין זיין צעבליטער צווייג. — — — —
צום ערשטן בוים פון היימלאַנד
כ׳בּאַגריס זיך און פאַרנייג.

דורך אים, אין מיין נסיעה
פון טרויער און פון טרוים,
איך גריס די ווייטע יאָרן,
איך גריס דעם אַלטן בוים.

## 5. די שטיינער פון ווארשעווער געטאָ

די שטיינער פון ווארשעווער געטאָ,
איך טראָג אומעטום זייער לאסט. — —
זיי נעמען מיך אויף צו מיין אומקער
און זאָגן זיך: „ליב אונדזער גאסט".

זיי ווייזן אויף מיר מיט געמורמל
און רוקן זיך נעענטער צונויף,
און שושקען זיך, רופן מיך: „שכן,
דערקען אונדז, די ווענט פון דיין הויף".

אָ, שטיינער, איך קוש אייך און האַלדז אייך,
גיב שלום־עליכם אייך אָפּ.
זיי שיטן אויף מיר זיך און פאלן.
כ׳בעט: גוט אזוי, פאלט אויף מיין קאָפּ.

נאָך שענער פון קרוינען א יעדער
פון אייך צו דעם קאָפּ מיינעם פאסט.
כ׳וועל ביז צו דעם סוף פון די כוחות
אייך טראָגן, אַ הייליקע לאסט.

זיי שושקען זיך ווידער: „דער שכן
וויל אפשר גאָר ווייטער נישט גיין —
מיר קענען פארשטויבן זיין מלבוש..." —
אָ, שטויבן, מיט אייך בין איך ריין.

כ׳פארנעם זייער ביטערן פאָרוווּרף
און קען מער פון זיי נישט ארויס.
אָ, שטיינער, ווו נאָר כ׳זאָל נישט וווינען,
די וואנט וועט איר זיין פון מיין הויז.

זיי לייגן זיך שווער אויף מיין הארצן —
איך לייג זיי אין הארצן אריין.
אויב וועל איך אייך, שטיינער, פארגעסן,
פארשטיינען זאָלט איר מיין געביין.

## 6. אויף מיין גאַס

און אַט איז מוראַנאָווסקע פיר און פערציק.
שטעל אָפּ זיך, מידער וואַנדערער, בלייב שטיין.
פון יעדן שווייגנדיקן ציגל, יעדן שטיין,
איך הער אַ ווידערקלאַנג, מיין יוגנט הערט זיך.

און אויף דעם פעסטן באָדן פון זכרון
אַ ציגל צו אַ ציגל כ׳נעם צונויף,
דאָס ענגע קעלער-שטיבל שטעל איך אויף,
ווי ס׳איז געשטאַנען דאָ אַמאָל צוריק מיט יאָרן.

די אַלטע ניי-מאַשין דערהער איך ווידער,
איר קול איז מיר גאָר היימיש, אַלט-באַקאַנט,
אַרויסגעזונגען האָט זי פון געוואַנט
ליִיט נאָדל-שטעך — די נאָטן — אירע לידער.

נאָר שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, ווען זי פלעגט שווייגן,
מיין האַרץ האָט זיך צעזונגען לעבן איר,
כ׳פלעג שטיין געבויגן איבער שרייב-פּאַפּיר
און אויך מיין שאָטן פלעגט זיך מאַטערן און בייגן...

די שיין פון נאַפטלאָמפּ האָט באַדאַרפט געהערן
בלויז מיר. כ׳האָב זי פאַרצוימט, אַרומגעגעבעט,
זי זאָל, חלילה, נישט דערגיין צום טאַטנס בעט
און קיינעם פון די שטוביקע דעם שלאָף נישט שטערן...

כ׳בין דאָן יד־אחת מיט דער נאַכט געוואָרן,
נישט איבערוועקן קיינעמען כ׳האָב זיך באַמיט,
און ס׳איז אַריין אין ריטם פון מיין ליד
אַ יעדנס אָטעם, זיפץ — אויף אַלע יאָרן...

שוין לאַנג, ווי ס'איז דער נאַפטלאָמפּ אויסגעגאַנגען,
פאַרוואָרפן אויף די מיסטן פון אַמאָל,
זיין ראָד אויפן סופיט — אַן אָרעאָל —
נאָך שיינט אויף מיינע טונקעלע געזאַנגען.

דורך יעדן שפּאַלט פון צייט איז דורך זיין פלעמל
און ס'איז אין הארץ — דעם טונקלען לאָמפּ — אַריין,
ס'זאָל לייכטן היינט, ווי א נר־תמיד־שיין,
דעם שטיבל, ווו געבויגן כ'שטיי, ווי דעמאָלט.

## 7. אין וואַרשע ביי אַ חורבה

אין וואַרשע, בלאָנקענדיק אָן חשבון, לאַנג,
מיין טראָט פֿאַרהאַלט זיך ביי אַ חורבה־מויער
אין סביבה פֿון צעבראָקטן שטיין און טינק
און אימה, ווו, פֿאַרכאַפּט, מיין בליק פֿאַרזינקט;
פֿון דאָרט, ווי ס׳ליגט זיך אין אַ מענטשנס האַנט
אָן אומגעריכט און טרייסטנדיק געשאַנק,
אַ טויבן־וואָרקן ליגט זיך אין מיין אויער.

עס האָט נישט לאַנג צוריק אין אָט דער וואַנט
אַ לאָך די אַרטילעריע אויסגעביסן
(ווען אַנדערע האָט זי צעפּליקט, צעריסן),
און ווען פֿאַרלאָשן האָבן זיך אַרום די פֿלאַמען,
האָט אין דעם לאָך אַ טויבן־פּאָר זיך דאָרט
אַ נעסט פֿאַרלייגט. אין וואַנט צונויפֿגעפּאָרט
איז קריג און שלום, הויזנדיק צוזאַמען.

ווי ס׳וואָלט די טויבן־פּאָר ביי מיר אין האַרצן
איר נעסט פֿאַרלייגט, כ׳בין פֿול מיט איר געזאַנג.
קום דאָרט, ווו וועלט־געשפּענסטער קרומע שטאַרצן
ביז אין מיין קישן, וואָס איז דול פֿון זיי און קראַנק,
און בלייב דאָרט שטיין, באַטראַכט אַ ווייל באַזונדער
די חורבה־מויער פֿול מיט וווּנד און וווּנדער,
ווו פֿון דער נעסט פֿון קריג און פֿון צעשטערונג
זי קענכט דאָס ליד פֿון שלום און פֿון ליבשאַפֿט הערן.

## 8. אין מיין היימשטאָט

רושטאָוואַניעס, לייטערס, שטריק און שטאַנגען —
ס'איז מיין בליק אין אייער נעץ געפאַנגען.

ווייט, ביז וואַנען ס'גרייכן מיינע אויגן —
אַזאַ פאַרהאַנג אויף מיין שטאָט פאַרצויגן.

ערב יום־טוב איבער אַלע פענצטער
שפּרייטסטו, פאַרהאַנג ליכטיקסטער און שענסטער.

נאָך געדענקען הרובע געבייען
יאָמער פון סירענעס, נאַכט־געשרייען,

פאַל פון איינגעבראָכענע סופיטן —
ווען חלומות פלעגט דער טויט פאַרשיטן. —

הערן זיי אַצינד פון בוי — געזאַנגען,
ווילן ביז די כמאַרעס הויך דערלאַנגען.

ס'גייען אין געשלעגן ווענט און דעכער —
ווילן איבערשטייגן זיך אַלץ העכער.

טרערן פון צעשטערונג און פון טרויער
ווישט אַראָפּ די קעלניע פונעם בויער...

אויף מיין היימשטאָט, מילדע קעלניע, גוטע,
לייג זיך ווי די דלאָניע פון אַ מוטער...

## 9. אַ הויז אין בויען

פון חורבן הויז איז די אימה אַוועק,
עס האָט זי פאַרטריבן דער אָפּהילך פון העק.

אַוועק איז פון דאָרטן דער רוח, דער שד,
פאַריאָגט פונעם טאָג און פון ארבעטס-געוועט.

אַ העלפט פונעם הויז איז געשטאַנען אין אש,
איצט נעמט עס אַ לייטער ארום — אַ באנדאזש.

צעריסן דאָס הויז איז געשטאַנען אויף האלב,
איצט לייגט זיך דער צעמענט אויף אים ווי אַ זאלב.

אַ פלאַסטער פון צעמענט אויף יעטוועדער וווּנד —
זאָל זיין צו רפואה, זאָל זיין צו געזונט!

דאָס פענצטער, וואָס פול מרה-שחורה און וויינט,
פלעגט אומהיימלעך קוקן אין חלל אַ בלינדס,

דאָס פענצטער, וואָס האָט זיך געוואָרגן מיט פלאַם,
זיך אָנטאָן וועט באלד אין אַ שויב, אין אַ ראַם.

אַן עמער פאַרהייבט זיך — מיט קאלך צי געטראַנק?
אַן עמער פאַרהייבט זיך מיט זון און געזאַנג!

דעם עמער הייבט אויף דער פאַרוואָגלטער גאַסט, —
לחיים אייך, בויער — דעם שענסטן טאָאַסט!

## די זון פון אַפּריל...

צום צענטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

די זון פון אַפּריל רופט אַרויס פון דער ערד
דעם מינדסטן געוויקס און דעם קנאָספּ פון די צווייגן,
און אײַך, וועמען ס׳האָט נישט קיין פײַער פאַרצערט,
זי רופט אײַך אַרויס פונעם פאַרכמאַרקן שווײַגן.

זי רופט אײַך פון אונדזער זכרון אַרויס,
פון האַרץ פונעם פאָלק — דעם געזיכערטסטן בונקער,
ווי דאָן מיט די נעגל און צינדפלעשער בלויז
אַנטקעגן דעם פרײַס און פאַרפאַנצערטן יונקער.

אין חודש אַפּריל אויפדאַסנײַ בליט איר אויף
צוגלײַך מיט דער פלאַמיקער רויז, מיט די גראָזן
און בליעכץ אין גרוז פון מײַן וואַרשעווער הויף,
וואָס מערץ־ווינטן טראָגן דאָרט אָן און צעבלאָזן.

צען יאָר שוין, ווי ס׳האָבן די רויכן פאַרמעקט
פון גאַסן און הײַזער די לעצטע קאָנטורן,
אַזוי ווי אַ שטורעם־פאַרפלײצונג פאַרדעקט
פון ערד, פון יבשה די מינדעסטע שפּורן.

מיט זיך האָבן רויכן פאַרשלעפּט און פאַרווישט
די שאַרפע פּראָפילן פון דעכער און ראָגן,
נאָר האָבן מיט אײַך זיך אין רוים נישט פאַרמישט —
אָן אײַך האָבן זיי זיך אין אין־סוף צעטראָגן...

אַזוי ווי די זון קאָן בלויז ווערן פאַרדעקט
אַ ווײַלע פון וואָלקנס, די סאַמע געדיכטע,
נאָר מוזן זי לאָזן... אַזוי אומבאַפלעקט
געלאָזט האָבן רויכן אײַך — העלדן־געזיכטער...

די זון פון אַפּריל גייט פון וואָלקנס אַרויס
און איר — פונעם רויך, אונדז דעם וועג צו באַשיינען,
איר שטעלט זיך פאַר אונדזערע מאַלציַיטן אויס,
ס'מישט אויס אײַער בלוט זיך מיט אונדזערע ווײַנען.

ווי אייביקע מאַנער, איר קלאַפּט ביי אונדז אָן,
איר קומט מיט אַ שבועה די דורות באַשווערן,
באַזינגטע — איר פירט אונדז נאָך אַלץ, ווי אַ פאָן,
געפאַלענע — הויבט איר זיך אויף ביז די שטערן...

איר פירט אונדז... מיין האַרץ לאָזט זיך אָפּ ווי אַ פייל
מיט שווונג, וואָס קיין קראַפט קאָן אין וועג נישט פאַרהאַלטן;
עס לאָזט זיך צו הויבן מיט אייך אין געאייל,
צו קעלערס, ווו קינדהייט איך פלעג זיך באַהאַלטן —

און ווו זיך באַהאַלטן איצט קומט קינד־און־קייט —
די לעצטע פאַרבליבענע געטאָ־באַוווינער,
דער זכר פון לעבן פון אויבן פאַרגייט —
אַלץ טיפער, אַלץ טיפער, אַוועק פונעם שונא.

פון דאָרט, ווו ס'ווייסט מער נישט פון זונשיין די גרוב,
אָן אייביקער פּנקס וועט אייביק דערציילן,
ווי דייטשלאַנד פון הימלער, פון געבעלס, פון קרופּ
פאַרטריבן האָט ווידער דעם מענטש אין די היילן.

די לעצטע באַוווינער... ס'האָט ווי אַ וואַמפּיר
דער אומשלאַג דאָס חיות געצאַפּט זינט מעת־לעתן;
אַזוי ווי די שטשורעס ביים מת פאַר דער טיר —
די בראָך האָט אויף שטיקער דאָס געטאָ צעפרעסן;

ווי פייער גייט איבער פון שטרוי צו אַ שטרוי,
דער טיפוס פון גוף צו אַ גוף איז אַריבער,
די קויל האָט געשניטן די לופט מיט געוואָי,
אַזש ענג איז געוואָרן דעם טויט אין די גריבער.

אין גריבער איז ענג און אין געטאָ — געדרויס,
נאָר שטיל רופט זיך איבער אַ גאָרן מיט גאָרן:
זאָל ווערן דעם פיינט יעדע מויער אַ צוים,
באַפאַלן אים זאָל יעדער ציגל מיט צאָרן!

דער פלאַנטער פון הייך זאָל אים ווערן אַ נעץ,
אַריין זאָל ער, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע חיה,
פאַרזונקען זאָל ווערן דער שטאָלענער געץ
מיט זיינע מונדירן, די פרישע, די נייע...

פאַר־פּסח... מ'האָט כשרן היינט נישט פאַרזוימט,
נאָר ס'חמץ — געווען איז נישט וואָס צו פאַרזוימען,
דאָס געטאָ אַליין איז היינט ליידיק, פאַרזוימט,
דאָך לויערט מיט קראַפּט יעדער דאַך, יעדער קוימען.

די וואַרשעווער דעכער! איך האָב זיי געקענט.
דאָס ייִנגלשע האַרץ פלאַטערט אום אין די ביידעמס,
קלאַפּט אָן ווי אַ פויגל אַ קראַנקער אין ווענט,
וואָס פלעגן מיך שרעקן מיט רוחות און שדים.

געווען איז דאָס שפּעטער פאַר מיר אַזאַ גליק
באַקוקן פון דאַנען מיין שטאָט־פּאַנאָראַמע,
וואָס רחבותדיק שפּרייטן זיך פלעגט פאַר מיין בליק,
אַזוי ווי דער וואַרעמער שוים פון אַ מאַמע.

פון דאַנען פלעגט אָפט איבער דראָטן אַוועק
אַ ליכטיקע פאָן, ווי אָן אָנזאָג, אַ בשורה, —
שוין דעמאָלט האָט זי אונדזער געטאָ געוועקט,
צעפּאָכט, ווי דאָס פייער אין קוזשניע — זיין גבורה.

זי זאָל איצטער זיין הינטער יעטוועדן דאַך,
ווי שרויט אין גראַנאַט — אינעם האַרץ דעם צעשפּאַרטן,
אַז וווּ נאָר אַ ברעט, זאָל עס ווערן אַ וואַך,
אָן אויסקוק אַ טרייער דעם פיינט צו דערוואַרטן...

די שיפּקייט פון בלעכן זיין אָנקום באַדראָט,
ווו ראָגן און שיידוועגן שווייגן פאַרביסן,
זיי טראָגן פאַרבאָרגן אַ גרויזאַמען סוד,
וואָס בלויז אין דער שפּאַרע דער ווינט קאָן אים וויסן.

די ראָגן פון געטאָ... דאָ פלעגט מען אַמאָל
אַ רעדנער פאַרהויבן אויף אַקסלען פון יונגען,
פון קעלערן טיפע נאָך הערט זיך אַ קול,
ווו לידער פון באַטווינען האָט מען געזונגען.

אין בוידעמס אַן עכאָ נאָך קלינגט פונעם קול,
ס׳שיינט אָפּ אין די לעכער פון פּאַנעץ דער צונטער,
די אקסלען פון יונגען ביים ראַג פון אמאָל
זיי שפּאַרן ס׳פאַרשטאַרבענע געטאָ היינט אונטער.

דאָס געטאָ איז שטיל, נאָר נישט שטיל ווי אַ מת,
ווען ס׳הערן דעם גאַנג שוין פון שונאים די גאַסן,
זיין סוף באַלד נישט חתמענען וועלן עס־עס
מיט זייערע הילכיקע שטיוול־אָפּצאַסן.

דערשיטערט ביים פּרילינג אַנטפּאַלט יעדעס בלאַט,
דער הימל זיך עפנט אַ ברייטער מיט שטוינען —
די שטילקייט רייסט אויף דער געבענטשטער גראַנאַט,
אויף שטיקער צעפליקט ער די גאווה פון שונא!

מער וועט מען נישט שלעפּן און רייסן פאַר קעפּ,
מער וועט מען נישט כאַפּן צום טויט און פאַרנאַרן,
דאָס בלוט פון תלינים ביי טירן און טרעפּ
ליגט ווי אַ באַשטעטיקונג אויף טראָטואַרן.

די גאווה צעפליקט מיטן שונא צוגלייך.
ביי איינעם צינדט אַן דער מונדיר זיך דער נייער,
און ברענענדיק לויפט ער — צו ברענגען דעם רייך
אַ סימן פון יידישן ווידערשטאַנד־פייער. —

מ׳האָט אים אונטער דרערד, ווי די פיין אַן אַ סוף,
געקליבן אין בונקערס — די אייביקע חצותן;
די חרפּה פאַר גיין ווי די לעמער און שאָף
צום טויט ווערט פאַר עדות פון דורות צעשאָסן.

עס טראָגט זיך פון געטאָ אַ זאַלפּ נאָך אַ זאַלפּ
פאַר די שוין, וואָס זענען אין חלל פאַרלוירן,
פאַר די, אין יסורים פאַרשטאַרבן אויף האַלב,
און די, וואָס זיי וועלן ערשט ווערן געבוירן...

ווי שפּאַרזאַם דער ביסן אין מויל ווערט געשטרעקט,
מען לייגט אין די ביקסן די קוילן די קאַרגע,
צום געטאָ דערשיינען די לוחות פאַרמעקט
מיט איינציקן וואָרט אַ פאַרקריצטן: „דערהרגע״!

אין פינצטערע הײלן פֿאַרקװעטשט אין דער שטיל
מען הערט װי אַ ליכטיקע בשורה די זאַלפּן,
מען הערט זײ אין געסלעך פֿון גראַען בעלװיל
און הינטער פֿאַרטײעטן קוסט אין די אַלפּן,

און הינטער דער שװעל פֿונעם פּלעצל — די סען,
און טיף אין די װעלדער אַרום דער װיליע,
פֿון זײער געהײליקטן ליכטיקן בלענד
בײַם גוסס אין אױשװיץ שײַנט אױף נאָך די ראיה,

װי ער װאָלט געהערט נאָך צום לעצט, אױף דער װאַר,
פֿון ערגעץ גאַר װײַטע גאולה־געװישן,
װו קעמפֿער נאָך שיסן מיט פֿלאַמיקע האַר,
אַזױ װי די שפּיזיקע שטראַלן בײַ משהן.

עס ברענט שױן דאָס העמד און אַט ברענט שױן די הױט!
אַ פֿלאַמיקע צונג האָט אין גוף זיך פֿאַרזױגן,
דאָך שטײט מען, פֿאַרקלעמט און באַלאַגערט פֿון טױט,
ביז װאַנען דאָס פֿײַער פֿאַרמאַכט זײ די אױגן .

עס בריכן געלענקען פֿון הײזער זיך אױס,
אַ פֿלאַם מיט אַ פֿלאַם איבער זײ מאַכט יד־אחת,
נאָר פֿײַער נאָך גײט פֿונעם פֿײַער אַרױס, —
די װיסטע טריומפֿן פֿון סטראַפֿן להכעיס.

ער שטײט פֿון דער װײַטנס, פֿאַרהױבן דאָרט — סטראַפֿ,
מיט רױטקײט פֿון שׂרפֿה איז פֿול זײַן לאַרנעטע,
ער װאַרט, פֿון דער הײך קוקט אַראָפּ װי אַ ראָב —
זײַן קרבן זאָל אױסגײן — ס'דערװאַרגענע געטאָ.

דערװאַרגן? נאָר װער זשע דאָרט רירט נאָך? װער װאַגט?
געמײנט האָט ער, קײנער די שטילקײט שױן װעקט נישט —
זײַן טאַנקען־שנור װערט דאָרט אױף שטיקער צעהאַקט
און פֿױזעט נישט מער װי אַ גיפֿטיקער עקדיש.

אַן אַנדערע רױטקײט אין גלאָז גיט אַ בלענד:
די פֿאָן פֿונעם געטאָ האָט עמעץ פֿאַרהױבן,
מען טראָגט זי אַרױס פֿון צעפֿאַלענע װענט,
פֿאַרװיקלט אין פֿלאַם, אין בטחון און גלױבן.

ס׳פאַרהויבט זיך דער גיבור דער לעצטער מיט איר
אַריבער דעם אומקום און חרובע דעכער,
ער היפּערט די זיילן פון בראַנדיקן גיר
צו טראָגן דעם כבוד פון געטאָ אַלץ העכער.

אַ שווימיקער ים אונטער אים איז דער רויך,
און ס׳געטאָ צעשמעטערט — אַ שיף, וואָס גייט אונטער;
און ער, ווי דער שיפס-קאַפּיטאַן אין דער הויך,
ער קוקט מיט גבורה צום שוידער אַרונטער.

אַליין אויף אַ ברענענדיק ברעט קעגן שטראָם —
ווער האָט דאָס דערהויבן אים, ער זאָל נישט פאַלן? --
דאָס האַלטן אים אונטער די טויטע פון תהום,
די הענט פון פאַרזונקענע אונטער קאַנאַלן.

ער שטייגט מיט פאַרשרפעטע האָר אויפן ווינט,
זיך צעפּגעטון האָבן פון אים אַלע מוראס,
אַזוי ווי אַ מאַמע האַלט אונטער אַ קינד,
עס האַלט אים דאָרט אונטער אַ חלום פון דורות.

מיט חורבות איז ער ווי אויף שטיגן אַרויף,
עס האָבן אים אונטערגעשפּאַרט אַלע קברים,
די וואַלגע געאיילט האָט צו אים אין איר לויף,
צום אויפשטייג זיין העכסטן — דערלאַנגען איר אָרעם.

ער איז נישט אַוועק מיטן רויך, מיטן גרויל,
ווי אַלע איר הייליקע אויפשטאַנד-געזיכטער,
נאָך דונערט פון אייערע פינגער די קויל,
פאַרקריצט ווי אַ פּען אינעם בלאַט פון געשיכטע.

עס האָבן די פלאַמען פון אייערע האָר
אין שיין זיך פאַרוואַנדלט, אין ליכטיקע קרוינען,
ס׳וועט קומען זיך שפּיגלען אין זיי יעדער דור,
די אייביקייט וועט זייער גינגאָלד פאַרשוינען.

# וואָלקנס

כ׳זע וואָלקנס פאַרנאַכטיקע ציען
דאָרט הויך, איבער דעכער פון שטאָט,
באַזיימטע מיט רויטקייט פון שקיעה,
ווי וואַטע געטונקען אין יאָד,

וואָס שטיקערווייז מ׳האָט, שוין נישט נויטיק,
פאַרוואָרפן פון עמעצנס וווּנד;
איצט שווימען זיי פלעקיק און קויטיק
אין בעקן פון הימלישן רונד.

כ׳זע וואָלקנס ווי קריעס צעשלאָגן,
אויף שטיקער פון פרילינג צעקלאַפּט,
וואָס איילט אויף זיין גאָלדענעם וואָגן
און ס׳אייז פאַרן קאַרק ער פאַרכאַפּט.

זיי גייען, ווי קען, וואָס דערשראָקן
זיך ציען צו עפּעס אַ זינד,
און שטיל, ווי אַ זקן אין זאָקן —
נישט איבערצוּוועקן אַ קינד...

זיי גייען, ווי אורמענטשן וואָלטן
געשפּאַנט אָן אַ זין אויף דער ערד,
מיט אייביקן שווייגן פאַרשאָלטן,
פאַרדימיונט און אין זיך פאַרקלערט.

וואָס קלערן זיי? קלערט דען אַ וואָלקן
אין וואַנדערגאַנג זיינעם פאַרשטומט?
צי קען ער זיין וועג? און צומאָל קען
ער וויסן פון וואַנען ער קומט?

און ווייסט ער דען ווו, איבער דעכער,
ער איילט זיך אַצינד אין פאַרנאַכט? —
פאַרווייס איך מיין קאָפּ דאָרט אַלץ העכער
און כ׳קוק אויף די וואָלקנס און טראַכט:

אַז װײל איז אױף ערדישע װעגן
דעם גײער, װאָס בלאָנקעט נישט בלינד,
און בלאָנדזשעט ער — קאָן ער זיך פֿרעגן...
אַז װײל איז דעם מענטש, װאָס קײן װינט

באַדאַרף נישט, װי װאָלקנס, אים טרײבן;
װאָס קען זײנע װעגן אַלײן,
װאָס װײסט אױף דער ערד װוּ צו בלײבן
און װײסט אױף דער ערד װוּ צו גײן.

## לענין אין 1917

פאַרזיגלט שטרענג און סודותדיק־פאַרמאַכט
האָט אַ וואַגאָן אַ פאַרפּלאָמבירטער אים געבראַכט
פון שטילן, פרעמדן, גלותדיקן ציריך.
כ׳באַגלייט זיין גאַנג, זיין שטויב פון וועג באַריר איך
מיט הענט, וואָס לייגן זיך אַדורכגעשטראַלט מיט ברכות;
אַ צוג, וואָס דורכגעשניטן האָט די נאַכט
און דורכגעשניטן צייטן און עפּאָכעס
און אים אויף אַלע אייביקייטן אומגעקערט
דעם היימלאַנד זיינעם און דער גאַנצער ערד.
אַ צוג, וואָס האָט אים, ווי אַ מוטער־טראַכט —
אין ווײ־געשריי און פרייד — פון זיך אַרויסגעגעבן
צו לעבן און צו שיין,
אַז ער אַליין פאַר אַלעמען זאָל זיין
די שיין, דאָס לעבן.

ווי ס׳וואָלט געפלויגן פון די נע־ונדע ערטער
אַ שנור באַטשאַנעס, וואָלטן אומגעקערט זיך
צו זייער אַלטער נעסט דער אויסגעבענקטער —
אַ צוג וואַגאָנען ציט... אַ גאַסט אַ גרויסן ברענגט ער
צו פרילינגדיקער היים דער לאַנג־באַגערטער —
אַ גאַסט פאַר אַלע טירן, אַלע הערצער,
קערט אום זיך פון דער פרעמד, פון וויטן גלות.

— ווילקאָמען! — שפּרייטן גנעדיק זיך די שליאַכן,
די עלטסטע דעמבעס שטעלן זיך אין ערן־וואַכן
און ס׳לאָזן אָפּ פון שטאָלץ די וווקסיקע טאָפּאָליעס
און בוקן זיך מיט גרוס, מיט אָפּשיי און התפּעלות,
ווען אויפן וועג די רעדער רייבן שאַרף מיט רוגזה
דעם קייזערס כאַרכלענדיקן „דויטשלאַנד איבער אַלעס".
און זון — דאָס וואַכע אויג פון וועלט — דעם צוג זע,
וואָס טראָגט מיט אימפּעט זיך צו סעמאַפאָרן,
וואָס ווייזן אים דעם וועג צו קומענדיקע יאָרן.

און אויפן פינישן וואָקזאַל אין פּעטראָגראַד,
וואָס האָט געשטראַלט פון דעם באַשערטן נחת,
געפלויגן איז פאַר אים התלהבותדיק אויפן פּאַראַד
אַ שניי פון הימלען, טיכלעך און פּאַפּאַכעס.
און אין אַ יעדנס טרער געשפּיגלט האָט די פרייד זיך.
דאָס פאָלק האָט אים געטראָגן אויף די אָרעמס —
ס'האָט אויף די פעסטע אַקסלען אים געטראָגן ס'לעבן,
אים טראָגן זענען דורות פון די קברים
אַרויס... און תקופות האָבן זיך די מי געגעבן
צו קומען אונטערשטעלן אים אַ פּלייצע
און ברענגען אים צום סמאָלני אינסטיטוט.

נאָך האָט די ערד געטרונקען זיך אין בלוט,
נאָך האָט די ערד געקרעכצט זיך אין ווײ־געשרייען,
געמאָרדעט האָט דאָס רויבערישע שטאָל נאָך,
ווען ס'האָט זיין האַנט זיך אויסגעשטרעקט פון סמאָלני
אַריבער אַלע גריבער און טראַנשייען
צו מענטשנקינדער פון דער גאָרער וועלט,
און אויפן הימל, פון קאַנאָנען־רויך פאַרשטעלט,
זיין אָרעם האָט פון ראַנד ביז ראַנד זיך אויסגעבויגן
ווי אַ נאָך־מבולדיקער שלום־רעגנבויגן —
— פריד זאָל זיין צו אייך, פאַרבלוטיקטע שינעלן,
פריד און פרייד זאָל זיין צו אַלע שוועלן!

## צום שמעטערלינג

(צווישן די פארשידענע אינזעקטן, אָנגעשטעקטע מיט מיקראָבן, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן אראָפּגעוואָרפן אין קאָרעע און כינע, האָט מען אויך געפונען שמעטערלינגען.

(לויט ידיעות).

וואָס איז פון דיר געוואָרן, וואָס איז פון דיר געוואָרן,
שיינער שמעטערלינג פון מיינע קינדער־יאָרן,
זינט איך האָב דיך אַמאָל אין זומערדיקן פעלד
פון גריקע און פון קאָרן
— וואָס האָט געטריי באשיצט דיך און פארשטעלט —
פון אויג מיינעם פארלאָרן.

פון טונקלען חדר האָסטו מיך ארויסגערופן,
אַרויסגעפאנגען מיט דיין צויבער — פילקאָלירִיק,
ווען אויף דער שויב האסטו געהוידעט זיך ווי בגילופין;
איך האָב אַוועקגענומען פונעם סגל און פון חיריק
מיין בליק, און בלויז אויף דיר געקוקט פארגאפט,
האָסט אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי די שענסטע האפט
אויפן רבינס פענצטער־שויב — דער בלאָער קאַנווע.
און כ׳האָב פון חדר זיך געגעבן א פארגנבע,
כדי דיר נאָכצוגיין עק וועלט ווי אין היפּנאָז,
צו זען, ווי דו וועסט האלדזן זיך מיט יעדן גראָז,
גוט־יום־טוב ביטן יעדער מינדסטער קווייט,
באגריסן יעדן קוסט התלהבותדיק, מיט פרייד,
געהאט האָסטו פאר יעדן א באריר א מילדן גרייט,
נישט אויסגעמיטן, נישט פארהיפּערט האָסטו קיינעם —
עס זאָל נישט זיין קיין קנאה צווישן פלאנצן — שכנים.

אין דיינע פארבן: באָרדאָ, ברוין און גאָלד,
וואָס מיט איר שטראַלן־פענדזל האָט די זון דיר אויסגעמאָלט,
האָב איך מיין מאמעס שאל די טערקישע דערקענט,
וואָס טראָגן פלעגט זי אויף די אקסלען ווי א פלאַם,
וואָס אויסגעגאנגען איז ער איינמאָל, אויסגעברענט,

מיט איר, מיין מאַמען אויך, צוזאַם. — — —
כ'האָב שטיפעריש דיך נאָכגעיאָגט אין זומערדיקן ברעג,
געפּלאַטערט האָט דאָס הארץ, ווי דו אינגאַנצן,
פאַר פרייד וואָס איך האָב ווידער דיך דערזען,
וואָס צו מיין גליק האָב איך דיך ווידער אָפּגעפונען;
איך בין געווען מקנא אַלע פלאַנצן:
דעם גרינעם גראָז, דעם רויטן מאָן, באַגילדטן קאָרן,
וואָס האָסט באַוויליקט זיך צו חברן מיט זיי,
און כ'בין דיר, ווי איין שטיפער נאָכן צווייטן, נאָכגעלאָפן
ביז וואַנען ביסט מיר פון מיין אויג אַנטרונען. — — —

איצט ווי מיר, וואָס עס האָט מיט דיר געטראָפן,
און ווי מיר, ווי מיר, וואָס עס איז פון דיר געוואָרן:
איך האָב געהערט, מ'האָט דיך אין וואַשינגטאָן געכאַפּט,
ווי ס'האָט באַפוילן דער אַלמעכטיקער, אַלהעכסטער שטאַב.
אָ, נישט קיין יינגעלע, אַ שטיפער, איז דיר נאָכגעלאָפן,
נאָר גאָר אַ חשובער, באַיאָרטער מאַן,
וואָס פאַר דיין פרווו אָוועקצופליען האָט זיין פּאָליציי
אַלע אויסגענג פון די שטאָטן שטרענג באַוואַכט,
און ס'האָט דיר נאָכשפּיאָנירט די עף-בי-אַי,
געבישטערט און געזוכט ווו נאָר עס איז אַ קוסט פאַראַן,
און אַ פּראָפעסאָר האָט דיך נאָכגעפּאָרשט, באַטראַכט,
דורך אַ פאַרמאַכטן סלאָי — אַ גלעזערנעם סינג-סינג.
אָ, נישט ווי צו אַ יינגעלע אַ שטיפער, אויף קאַטאָוועס,
ביסטו אין זיין רשות אין סלאָי אַריין,
נאָר ווייל מען וויל, מיין שיינער שמעטערלינג,
עס זאָלן דיינע פליגעלעך גאָר זיין —
די פליגל פונעם מלאך-המות...

וואָס איז פון דיר געוואָרן, וואָס איז פון דיר געוואָרן,
שיינער שמעטערלינג פון מיינע קינדער-יאָרן.
איך הער, קלאַפּסט אָן אין וואַשינגטאָן אין דיין פאַרמאַכטן גלאָז
און דורכן גלאָז — קלאַפּסט אָן ביי אונדז אין אַלע שויבן,
אין פענצטערלעך פון אַלע הערצער קלאַפּסטו אָן —
מען זאָל אָנשטאָט דיך שיקן סמען, טויטן, רויבן —
דיך אומקערן צוריק צום גרינעם גראָז,
צום בלאָען הימל און צום רויטן מאָן
און צום באַגילדטן, שיינענדיקן קאָרן,
און שטאָט מגפה — ווידער ברענגען זאָלסט איצינד
די פרייד און די התפעלות צו מיין קינד,
ווי אַמאָל — צום פענצטערל פון מיינע קינדער-יאָרן.

## צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פון י. ל. פּרץ

ווי אומעטום, גרינט אויפן גענשער בית־עולם,
ווען ס׳קומט אָן דער פרילינג אין בליטן באַנייט,
דער מינדעסטער גראָז אונטער שטיינער פאַרהוילן
גערופן ווערט אויך פון די שליחים פון צייט.

און ביימער פאַרצאַמטע שוין שטייען פאַרבליפטע,
אין אויסשטייער ווייסן די זון טוט זיי אָן;
זיי וועלן באַשיטן דעם אוהל פון נפטר,
וואָס שטייט ווי אן אלטער, פאַרכישופטער טראָן,

וואָס אים האָט אויף אייביק דער מלך פאַרלאָזן,
נאָר אייביק פאַרבליבן איז דאָרטן זיין רום,
און ווי עס באַנייען זיך צווייגן און גראָזן —
ער ווערט אויך אין פרילינג באַנייט אומעטום.

איך מאַך זיך א וועג דורכן ברוקווארג און צאמען,
די בליטן פון אוהל כ׳שאר זאָרגפעליק אָפּ,
און דאָרט, אין זיין טיף, ווי אין שוים פון אַ מאַמען,
אין שווייגן איך לאָז איצטער זינקען מיין קאָפּ.

איך מאַך זיך אַ וועג דורך די צאמען פון צייטן,
כ׳שאר אָפּ, ווי די בליטן, אַ יאָר נאָך א יאָר.
אַ גאַנצער יאָרהונדערט... איך לאָז מיך באַגלייטן
זיין גאַנג און זיין לעבן פון דור צו א דור...

דער נפטר שטייט אויף און מיר לאָזן זיך שפּאַנען
דורך ליידיקע גאסן אוועק צו זיין היים.
אין הארץ מיינס פאַרבאָרגן זיין הויז אויף צעגלאַנע
שטייט, ווי א פאַרצויבערטער פּאַלאַץ, געהיים.

איך האָב עס נישט קיינמאָל געזען אין מיין לעבן
און כ׳וועל עס נישט זען... ס׳האָט מיין האנט נישט באַרירט
זיין גלעקל אין טיר, נאָר מיר דאַכט זיך, עס שוועבן
די קלאַנגען אין חלל ארום, וואָס וויברירט.

עס האָט זיך דאָס גלעקל אין הארצן פארקליבן,
באהאלטן אזוי ווי א גריל צווישן ווענט,
עס קלינגט, ווי א ניגון פון יאָרן פארבליבן,
עס קלינגט, ווי דער הערלעכסטער שפּיל־אינסטרומענט.

כ'הער קלינגען די צייט: גאַרדאַוואַיען, נאַהייקעס,
דאָס פּאָכען פון קנוט און פון פּערדישן עק,
געפּלאַטער פון פאָנען און לידער פון שטרייקערס,
צעריסענע ברוקן און טראָגנען אין שרעק...

ער הערט אַלץ, ער הערט אַלץ, דער מאַן פון צעגלאַנע,
פארזונקען דאָרט אין זיין פאַפּירענער וועלט,
ער האָט פארן דונער־געהילך פון טיטאַנען
מיט בויגנס פאַפּיר זיין געהער נישט פארשטעלט.

דער מאַן איז גראָד איצט אויף גזשיבאָווסקע פארנומען,
פארזונקען אין אנדערע בויגנס פאַפּיר,
דער טינטער דערמאנט אים אין קבר אין שטומען,
דאָס וויים פון פאַפּיר — אין תכריכים־קאַליר.

דער מאַן איז פארנומען מיט קרקעס, עגלות,
מיט פערד אין געזוואַנטן אין טונקלע פארדעקט;
ווי ס'פּאָכען פון מלאך־המותעס פּאָלעס —
זיי וואַרפן אויף קינדער און אימה, א שרעק.

וואָס קומסטו מיר, טויטן־טוך, איצט אויפן זינען?
דער מאַן פון צעגלאַנע איז לעבן, איז מוט!
אַוועק! איך וויל זען בעסער זיין פעלערינע,
זיך איינטוליען שטיל אונטער איר איז מיר גוט.

ער האָט זי אויף אונדז, ווי דער אָדלער די פליגל
אויף עופהלעך זיינע, פארשפּרייט און פארדעקט,
און דאָרט, פון איר ווארעם, איז לעבן געשטיגן,
דאָס בלוט האָט געזונגען, דאָס ליד האָט געוועקט.

ער האָט זי פארשפּרייט אויף א וויטן מהלך,
נאָר קיינמאָל פארדעקט, נישט די שיין, נישט די וואָר,
אַפּער איז, ווי פון א געוווינערינס ליילעך,
דאָס שווייגן פון באָנטשען — געשריי פון א דור.

און ווי אַ בונטאַר הינטער פֿאָלעס פֿאַרבאָרגן,
ער טראָגט הינטער איר דעם נעמיראָווערס האַק,
פֿאַרעקשנט זי ברענגט קעגן שפּראָץ פֿון פֿרימאָרגן
די ליבשאַפֿט אין העלצער פֿאַרבונדן, פֿאַרפּאַקט.

געגאַנגען פֿון איר איז אַ װוּנדערלעך קלינגען,
וואָס אומעטום האָט עס דאָס ליד מײַנס באַגלייט.
דאָס האָט זי אין פּאָליש צעריסן די רינגען
פֿון בלײַכן, געשמידטן פֿאַרמשפּטנס קייט.

איך האָב פֿאַר דעם קלינגען אין וואָגל דורך צײַטן
געטראָגן אין האַרצן מײַן ליבשאַפֿט און דאַנק,
ווײַל ווי קאָן דען זײַן פֿון צעשמעטערטע קייטן
צעריסן אויף הענט — נאָך אַ שענער געזאַנג?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך הער איך אין אוהל אַן אָפּקלאַנג פֿון פּאָליש,
כאָטש אויפֿן בית-עולם איז פֿאַרכמאַרעט און שטיל,
אַפּריל — און אַ פֿויגל זינגט אויף מעלאַנכאָליש,
ווי זינגען וואָלט ער פֿון אַ צווייטן אַפּריל,

ווען ס׳האָבן אין פֿרילינג די ביימער געטרויערט,
ווײַל ס׳האָבן קיין קנאָספּן שוין מער נישט דערבליט;
דער פֿלאַם־וואַרפֿער האָט פֿון די לעבער געלויערט —
פֿאַרשרפֿען דעם פֿרילינג, פֿאַרצערן דעם צוויט.

דער נפֿטר זיך שלײַכט צו פֿאַרפֿײַניקטע קנאָכנס
פֿון גוססן געטאָ — מיט ברכה און טרייסט;
עס האָט אַלע וואָכן און ווענט דורכגעבראָכן
די שאַרף און דאָס שטראַליקע ליכט פֿון זײַן גײַסט.

צו פֿינצטערע בונקערס, פֿאַרבאָרגענע טיפֿן,
צו מורדים ער טראָגט דעם נעמיראָווערס האַק,
איר שאַרף האָט בײַם צאָרן פֿון פֿאָלק זיך געשליפֿן,
צו פֿאַלן אויף שאַרבנס פֿון פֿײַנט ווי אַ פּסק.

אין שטילקייט די טיפֿן דאָרט זידן און גרימען,
אַ פֿונק צו אַ פֿונק ווערט געקליבן צום שטרײַט.
זײַן שטים, דאַכט זיך, הערט מען אויך צווישן די שטימען:
דורך שטאַרבן מיט כבוד צום לעבן זײַ גרייט!

די ביקסן אין אויפשטענדלער־הענט, ווי מנורות,
באלייכטן דעם וועג צו נקמה און טאַט,
פאר לאנגע געדולדיקע עוולות פון דורות
עס פלאצן די הערצער, ווי ס'פלאצט דער גראנאַט.

און מויערן פלאצן צעפליקטע אויף שטיקער,
עס שטיקט זיך דער ווילן אין רויך און אין בלוט,
עס פאלן די ווענט פון דער גענשע און דזשיקע,
נאָר ס'פאלט נישט ביי קעמפער די גבורה, דער מוט.

און אָט איז דער גיבור דער לעצטער אויף דעכער,
מיט פאָן און מיט גלאָריע און פלאם אויפן קאָפּ,
ער קלעטערט צום הימל — און אויב נישט נאָך העכער.
דער כסא הכבוד אליין רוקט זיך אָפּ.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און שטיל איז אין געטאָ, ווי אויפן בית־עולם,
די קעמפער די לעצטע פון לאנג שוין אוועק.
נאָר, דאכט זיך, זיי גייען, פון שלאכט־רוף באפוילן,
צי אפשר פון מיינע מחשבות דערוועקט.

צום יאָרצייט אהער זענען אלע געקומען,
פון קראָמען און קעלערס, די פרץ־שול גייט.
עס גייען די קינדער מיט העפטן און בלומען,
נאָר עפּעס אַ שווייגן זיי אלע באגלייט.

זיי האָבן צום יאָרצייט גענומען זיך גרייטן,
נאָר האָבן דאָס ליד נישט דערלערנט צום סוף,
די גרוב האָט זיי אלע פארשאָטן באצייטנס,
איין וואָרט פונעם ליד האָט געבעטן זיך: „האָף!"...

עס זאמלען זיך אויף די סקעלעטישע ביינער
ביינאַכט אויפן אלטן און חרובן מארק,
זיי שרעקן נישט קיינעם, עס שרעקט זיי נישט קיינער,
עס האָט זיי אַ קראַפט אַ געהיימע געשטאַרקט.

זיי ווערן שוין מער נישט פארשווונדן צעטראָגן,
ווען ס'סקרייעט דער האָן אויפן פלויט בעת עס טאָגט,
דער נארישער האָן קאָן זיי מער נישט פאריאָגן,
זינט ס'האָט זיי דער דייטשישער טאַנק נישט פאריאָגט.

זיי גייען אין טאָג אריין אָפן, בפרהסיא,
עס שאַרכן תכריכים, עס קנאַקט דאָס געביין.
די חרובע שטאָט, ווו עס ציט די פּראָצעסיע,
זועט מער שוין קיין הפקרע קרעטשמע נישט זיין...

און אָט איז די עדה דאָס טויער אריבער,
פאַרפלייצט די אלייען, די קברים פּארדעקט,
א האסטיקער טייך אין גערודער גייט איבער,
און מיך — ער פארשווענקט ווי א שטיינדל ביים ברעג.

אָט גייט פון דער קלויז דער פארקלערטער מקובל,
די נייטאָרין גייט מיט דער נאָדל און שער,
דער מאַן מיט דער זעג, מיטן האמער און הובל,
דער מאן מיט געהייליקטער פאָן און געווער;

די אויפשטענדלער גייען, די שטערנס געלעכערט,
נאָר אונטער די שטערנס אַ חלום איז גאנץ,
דעם טאש פון פּאַטראָנען, די פלאמען פון דעכער
זיי לייגן ביים אוהל אוועק ווי א קראנץ.

זיי האָבן די ווענט פון דער ענגשאפט צעבראָכן,
די אייגענע קעפּ אויך צעבראָכן אין שטיין,
בכדי זייער טויט זאָל אויך זיין א נצחון,
דעם נפטר אין אוהל מודיע צו זיין:

מיר האָבן דיין נאָמען פאר דורות געראטעוועט,
מיר האָבן א פאָלק פון דער בושה באפרייט,
מיר האָבן די אייזערנע קייטן צעשמעטערט —
צו טראָגן אויף אייביק די גאָלדענע קייט.

# די נישט געשיידטע אין טויטן־הויז

(צו עטל און יוליוס ראָזענבערג אין סינג־סינג)

מיט אייערע נעמען ביינאַכט שלאָף איך איין,
זיי וועקן מיך אויף ווי א ליארעם באַגינען.
זינט ס׳האָט זיך פארזעצט אין מיין האַרץ אייער פּיין,
קיין פרייד קאָן זיך דאָרטן קיין אָרט נישט געפינען.

די רו פון די נעכט איז מיר איצטער א פּלאָג —
ווי קאָנען זיי שטיל זיין, פון האַס נישט וויבּרירן?
ווי תמיד, עס בייט זיך אַ נאַכט מיט א טאָג,
אַזוי ווי די וועכטער פאר אייערע טירן.

פאַרטראַכט זיך דען ווער אויף דעם שטענדיקן בייט?
פון טויש פון מעת־לעתן דעם פשוטן שטייגער?
צי פילט דען ווער אומגליק אין גיין פון דער צייט
און אנגסט פון געפאר אין פאַרויסגאנג פון זייגער?

איך האַלט אים, דעם זייגער, אין האַנט און צעדריק
אַזוי ווי אַן עקדיש אַלץ שטאַרקער, אַלץ פעסטער.
צום אומקרייז פון ווייזער מיין פרעגן איך שיק:
וואָס ברענגסטו פאר זיי, פאר מיין ברודער, מיין שוועסטער?

דער ווייזער, צי וועט ער פון לעבן דער גבול?
דערנענטערט ער אפשר דעם הענקערס אכזריות?
רוקט אונטער זיין רוק די עלעקטרישע שטול —
אַ טייל פונעם זקנס און קינדס קרעמאַטאָריעס?

דער הענקער אויך ציילט יעדן מאָרגן, וואָס גרויט —
ער ווייסט, אז דער טאָג פון זיין הערשאַפט שוין דעמערט.
ער האָט זיך פאַרהעמערט מיט שווייגן פון טויט,
ווי ס׳זענען די ווענט פון זיין סינג־סינג פאַרהעמערט.

זיין שאָטן צו אייך קוקט אריין נאָכאַנאַנד,
מיט שטערן פארשוועכטע, פארוויקלט געוואנטיק.
מיר רייסן אים אָפּ ווי אַ פּאָרהאַנג פון שאנד
פון יעטוועדער זייט פון צעברויזטן אטלאַנטיק.

אריבער זיין שוימען מיר האָבן געווענדט
צו אייך אונדזער בליק, אונדזער טרער, אונדזער גלויבן —
פאַריאָגן דעם שאָטן פון אייערע ווענט,
וואָס וויל אויך דערהגרייכן צו אונדזערע שויבן.

זיך איבערגעזעטיקט מיט בלוט און מיט גאָלד,
געבויגן אויף אונדזערע בעטן און טישן —
ער מייקעט מיט נאַפּאַלם, ציקלאָן און מיט וואָלט
פון פייער, וואָס וויל אייער אומשולד פארווישן.

די שטול פון זיין הערשאפט — דער טראָן פונעם טויט —
זי שטייט, ווי א חיה מיט גיריקע ציינער.
אַלציינס איר, צי שווארץ און צי ווייס איז די הויט —
זי דארף זיך באלעקן מיט בלוט און מיט ביינער.

די שטול מיט געלאָדענעם בראנדיקן שטראָם,
עס דראָט איר פראָפיל אזוי שארף, אזוי קאנטיק,
זי לאָזט זיך צו אונדז ווי אַ שוידער־פאַנטאָם,
אויף אירע פיר פיס שפאנט זי דורך דעם אטלאנטיק...

זי שטעלט זיי אויף אלע יבשות אראָפּ —
די מענטשהייט זאָל זיין אַ סקעלעט אן אנטפליישטער,
די זון — פארן הענקער א שאלטער, אַ קנאָפּ,
די ערד — ווי אַ ריזן־עלעקטרישע דריי־שטול...

נאָר אָפּטרייסלען וויל זיך די ערד פון איר שאנד,
אזוי ווי אַ מענטש פון א שרץ, אַ וואָרעם,
עס טרייסלט פארברידערט א לאנד מיט א לאנד —
דערהערט עס אין אייערע קאמערן־קברים.

דעצעמבער. קאָן זיין, אַז עס פאַלט אין ניו־יאָרק
אַ שניי פאר די פענצטער, ווי ווייסע גארדינען,
און ס'קוקן אוים קינדער אין זאָרגלאָזער זאָרג,
אויף ניי־יאָר־מתנות ביי אלטע קאמינען.

נאָר ערגעץ־ווו אין א קאמין, אזוי באנג
ווײנט איצטער אַ ווינט מיט צווײ קינדער צוזאמען.
צי וועט מען דערלאנגען זײ, ווי אַ געשאנק,
פון סינג־סינג די ליבשאפט פארקוילט פון אַ מאַמען?!

איך האָב אייער ליבע געזען אויפן בילד,
ווען ס'האָט זי דער אורטייל פארוואָרט מיט זיין לעסטער,
ווי איר וואָלט דאָס קראַאישע קול זיינס פארשטילט
מיט אייערע קושן, מיין ברודער, מיין שוועסטער.

די קייט, ווי די צעל, האָט אייך שיידן געקענט,
נאָר נישט אייך פון מוט און פון טריישאפט צערײסן.
אזוי ווי זי שניידט זיך אייך איין אין די הענט —
זי וועט זיך פארשניידן אין לייב פון געוויסן.

איר האלדזט זיך און אָרעמט — זי קוועלט אייך און שטערט.
מיר זעען די ליבשאפט פארשלאָסן אין קייטן
און נעמען אייך אלע ארום אויף דער ערד
פאר עדות פון טאָג־ליכט, פון דורות און צייטן.

דעצעמבער, 1952.

## די ריטער פון דער מענטשהייט

פאַרנאַכט אויף מיין האלדז נעמט פאַרציען
די זון ווי אַ פלאַמיקן רינג.
איך טראַכט פון אַ ניו־יאָרקער שקיעה,
אַ זונאונטערגאַנג פון סינג־סינג.

איין טויש פון מעת־לעת, וואָס באַדייט ער?
וואָס איז דען איין זונאונטערגאַנג?
איין שקיעה איז גליך צו דער צווייטער,
ס׳פאַרגעסט זיי די צייט אין איר גאַנג.

בלויז איינע די צייט מער פאַרגעסט נישט
און טראָגט אין דער צוקונפט איר פלאַם —
די, וואָס מיט מיין ברודער און שוועסטער
זי האָט זיך פאַרלאָשן צוזאַם...

אין טויטן זאָל אַלץ איז אַנטשוויגן,
און שטיל שטייט דאָרט איצטער די שטול
נאָך אַלעם..., ווי ס׳שטייט נאָך פאַרציקונג
אַ חיה — געזעטיקט און פול.

דער שטורעם פון הערצער אין ציטער,
וואָס האָבן מיט רחמים וויברירט,
דער מענטשלעכער טרערן־געוויטער
האָט זי פונעם אָרט נישט גערירט.

איז שטיל דאָרטן איצטער... נישט אמת! —
דערטראָגט זיך פאַרעקשנט אַ קלאַנג —
אַן אַפּהילך אַ לעצטן פאַרנעם איך
פון עטלם און יוליוסעס גאַנג.

אים וועט מען יאָרהונדערטער הערן
זיך דורכרייסן וועט ער מיט מאַכט
דורך צייט, ווי אַ וואָלקן אַ שווערן
אַ דונער רייסט דורך אין דער נאַכט.

ס'וועט, ווי אַ לעגענדע, זיין רושם
אַריבערגיין תקופות מיט זיי —
באַלויכטן מיט אָפּשיין פון קדושים,
מיט אָפּשיין פון זעקס מיליאָן צווייַ.

אַ וואַנט בלויז צעשיידט האָט די ליבע —
בשכנות געוווינט מיטן טויט.
פון דרויסן — אין אַנגסט און אין פיבער —
אַ פּאַסיקל האָפענונג נאָך בלויז.

און אָט אויף די קראַטן זיך קלאַמערט
און ראַנגלט דער לעצטער פּאַרנאַכט,
פאַרשווונדן די וואַנט אין פון קאַמער,
דער לעצטער סך-הכל — געמאַכט.

פון ליבע דעם צייכן זיי האָבן
געלאָזט אונדז — דעם חתונה-רינג,
דעם אָנדענק פאַר מאיקל און ראָבי
מיר טראָגן אַרויס פון סינג-סינג.

ס'וועט זיין פאַר אונדז קלאָרער און גרינגער
די וועלט צו דערזען דורך זיין רונד;
מיר טוען אים אָן אויפן פינגער
אין אייביקן, הייליקן בונד.

דורך שלעסער און שטאָלענע שטאַבעס
מען פירט זיי אין אוילעניש, פלינק,
ווייל ס'טאָר נישט מחלל זיין שבת
דער תליון פון תפיסה סינג-סינג...

די שבת-ליכט ווײַנען פאַרשוועכטע,
ס'פלאַקערט זיי אַ פונצטערער תהום,
בלויז אשמדאי מיט זיין בעלעכטער
צינדט ליכט ביים עלעקטרישן שטראָם.

צי זעט איר נישט, פענצטער פון איסט־סאַיד,
אין היינטיקן פרייטיק פאַרנאַכט,
ווי אייערע ליכט ער פאַרזוויסט זיי,
די לייכטער ער וואַרפט מיט פאַראַכט?

די טישטעכער פליקט ער אַלץ פלינקער
און קערט אום די טישן אַרויף,
שטאָט ליכט היינט — די שיין פון טרעבלינקע
אין אייערע שויבן גייט אויף.

אין איר האָט ערשט יוליוס געטראָטן,
איצט עטל געטריי נאָך אים שפרייזט,
אין ליבשאַפט נאָך שפרייט זיך זיין שאָטן
פאַר איר ווי אַ טעפּיך פון טרייסט.

צום טויט און צום חתונה־יובל
באַגלייטן זי איצט פון דער צעל
קומט רחל און שרה בת טובים,
זשאַן ד׳אַרק און לואיזע מישעל.

די פייער־שטול דאַרף איר דערמאַנען
דעם גליקלעכן חתונה־טראָן,
און אָנשטאָט דעם שלייער צום פּנים
די טויט־מאַסקע טוט מען איר אָן.

פאַרשטעלט שוין די שיין פון דער ראיה,
דעם גוף שוין צום רימען פאַרשפּאַרט,
און ערגעץ אין שאָטנס פון שקיעה
דער האַר פונעם טויט זיצט און וואַרט. —

דער טעלעפאָן זאָל זיך צעקלינגען
מיט יאוש, הכנעה און שרעק,
נאָר ס׳נעמט אים אָנטוישונג באַצווינגען
דורך דעם, וואָס די שטילקייט אַנטפּלעקט.

פון מויל פון די העלדן צעטראָגן,
פון לשון איין וואָרט בלייבט אים: „ברענט!״ —
ער קאָן זייער ליכט נישט פאַרטראָגן,
ער ווערט פונעם אָפּשיין פאַרבלענדט. —

„זיי ברענען!״ — ווייל ביז צו די שטערן
זיי זענען געלויבט און געבענטשט, —
זיי טויטן פּילפּאַכיק! — פאַר ווערן
דער שטאָלץ און דאָס אָפּבילד פון מענטש.

זיין פּנים — אַ פינצטערע כמאַרע,
דאָס טרייבל אין שווייגן פאַרזינקט.
די זון לעשט זיך אויס שוין אין מערב,
די ראָזנבערגס אויך — אין סינג-סינג. — — —

פון קעפּ מיטן שטראָם דורכגעבליצטע
דער קאַסק פון מעטאַל פאַלט אין שטויב —
עס טוט זיי די מענטשהייט אַן איצטער
די קרוינען פון אייביקן לויב.

באַפרייט פון די רימענס געוועבן —
פון נאָפּל-שנור שניידט מען זיי אָפּ
אויפסניי — און זיי פירן צום לעבן
און פרידן — די מענטשלעכסטע גאָב.

# רוחות, גייט אין אייער רו אַריין!

איר שטעקט אינעם האַרץ, ווי אין עפּל דער וואָרעם,
איר קוקט שוין אויף אונדזערע בעטן ווי קבֿרים.
איר מעסט אָן די ערד שוין אַ בגד פֿון דראָטן,
און ווי אין די בענק, אין די סייפֿן — באַנקנאָטן,
איר זאַמלט אָן כּלערליי מיתות אין סלאָיען,
(אין אים בלויז, דעם טויט, האָט איר אייער פּאַרטרויען).
איר קלאַפּט אָן אין שויבן ביינאַכט, ווי די סאָווע,
איר שטעלט צו אַ לופּע צו יעדער מחשבֿה.
איר באָדט זיך אין אונדזערע אַנגסטיקע טראָפּנס,
ווען ס'בלוטיקט פֿון ווייסטן קאָשמאַר דער צוקאָפּנס.
רוחות, גייט אין אייער רו אַריין!

איר ציילט, ווי מטבעות, די שטערן מיט אייפֿער.
אין רויך פֿון ציגאַר זעט איר רויכן פֿון שׂריפֿה,
די שניפּסן אויף אונדזערע העלדזער — ווי שלייפֿן.
איר רינגלט אַרום שוין אין טונקעלע רייפֿן
די אויגן פֿון מוטערס — אין פֿינצטערער דאגה,
אַזוי ווי אין צוימען די ערד פֿאַרן לאַגער.
ווי קעפּ פֿאַר די האָר, איר כאַפּט אָן פֿונעם עטער
די כוואַליעס צוהילף אייך, און אותיות פֿון בלעטער,
וווּ אויסלייגן לאָזט איר זיך שורות ווי שלאַנגען,
זיי זאָלן צו אונדזערע שלייפֿן דערלאַנגען,
וואָס ווילן די נעסט פֿאַרן עקדיש נישט זיין —
רוחות, גייט אין אייער רו אַריין!

פֿון אָפּגרונט געקומען ערשט — נאַקעט און באָרוועס,
פֿון אויגן דעם טויט-קאָשמאַר אויסגעווישט נאָר־וואָס,
דעם דרויסן צעפּראַלטן מיר עטעמען טיפֿער,
מיר הייבן די אָרעמס מיט בראַנדיקע ציפֿער:
גוט מאָרגן דיר, מאַמעניו ערד, אונדזער ליבע!
זאָלסט מער אונדז נישט זיין קיין בשותּפֿותדיקע גריבער,

נאָר ס׳שותפותע פעלד פאַר די זייער, די שעפער,
באַדעקט — נישט מיט בראָך, נאָר מיט ברכה און שפע.
ווער ס׳וויל אויף טראַנשייען די בייטן פאַרבייטן,
דעם אַקער — אויף טאַנקס אָפּגעלאָזענע קייטן —
די תבואה וועט בלענדן מיט גאָלדענער שיין:
רוחות, גייט אין אייער רו אַריין!

מיר דאַרפן נאָך טויזנטער וונדער באַגרייפן,
מיר דאַרפן נאָך זען אַלע גערטענער רייפן.
מיר דאַרפן פון מענטש נאָך פאַריאָגן די חיה
און צובייגן ימען ווי ליבסטע, געטרייע.
מיר דאַרפן נאָך אונדזערע קינדער דערוויגן,
מיר דאַרפן נאָך זען אַלע נחתן זיגן,
מיר דאַרפן נאָך באַרגשפּיצן העכסטע באַצווינגען,
מיר דאַרפן נאָך אונדזערע לידער דערזינגען,
מיר דאַרפן נאָך אונדזערע טרוימען דערטרוימען,
עס דאַרף אונדזער בעכער אויף שמחות נאָך שוימען,
שטאָט האס און רציחה — וועט שוימען דער וויין —
רוחות, גייט אין אייער רו אַריין!

# באַלאַדע פֿונעם מאַן מיט דער בלום און פֿונעם מאַן מיט דער ביקס

־עם אָנדענק פֿון גיקאָם בעלאָיאַניס און חברים

עס טראָגט נישט דער היימישער קריי פֿונעם האָן זיך פֿאַנאַנדער, —
די שטאָט וועקט זיך אויף היינט פֿאַרטאָג פֿון דער פֿייער-קאָמאַנדע.

די לאָמפּ-שיין פֿון אויטאָס רייסט אויס אַ שטיק נאַכט און פֿאַרבלענדט שוין
די וואַנט, וווּ די שפּיזיקע שטראַלן פֿאַרנאָגלען פֿיר מענטשן.

זעט, אוראַלטע גייסטער, פֿון אייערע הייכן — דעם היכל:
אַ מאַן גייט אַקעגן דעם טויט מיט אַ בלום און אַ שמייכל.

אַזוי ווי סאָקראַטעס דעם כּוס אין דער צעלם דלד אמות,
די נעלקע פֿאַרהייבט ער — צום רום פֿון אָלימפּ און פֿון גראַמאָס.

די בלום איז געפֿאַלן, פֿאַרדעקט מיטן רויך פֿון דער לופֿע,
די בלום — און דער מאַן פֿון דער בלום איז געפֿאַלן אויך גופֿא.

דער מאַן מיט דער ביקס האָט אינגאַנצן דעם בליי אויסגעלאָדן,
די שרעק אָבער בלייבט אין זיין האַרצן, כאָטש ס׳ליגט אויפֿן באָדן

די בלום, זעט ער, ווי אַ פֿאַרבלוטיקטע טויב אין די גראָזן.
ס׳האָט אַלץ דער צעשאָסענער שמייכל ס׳געזיכט נישט פֿאַרלאָזן.

עס האָט אין געריכט-זאַל ביים שיין פֿון די טונקעלע ליכטער
דעם שמייכל געפּרוווט נאָך פֿאַרדעקן די טאָגע פֿון ריכטער.

נאָר פֿונעם צעשמייכלטן פּנים דעם לאַנג נישט געגאָלטן
עס דאַכט, ווי די קנאָספּן פֿון פֿרילינג צעבליען זיך וואָלטן...

דער מאַן מיט דער ביקס האָט געזען שוין די נעלקע פֿאַרשיטן,
דאָך זעט ער זי ווידער אין יעטווערן קווייט דעם צעבליטן.

עס פלאָגט אים אַ זעונג: די זון, וואָס איז ערשט אויפגעגאַנגען,
איז אַלץ יענע בלום — און עס קאָן זי זיין ביקס נישט דערלאַנגען.

אין אָנמאַכט עס שוידערט אים אויף זיין געלעגער דעם ווייכן —
אויב ס׳קאָן שוין זיין קויל נישט קיין פשוטע נעלקע דערגרייכן... — — —

דעם שמייכל, וואָס ער האָט געמיינט מיטן בליי צו באַזיגן,
ער זעט אים אויף אַלע געזיכטער, אויף קינדער אין וויגן.

פאַרמשפט — אַדורך איז די נעלקע דורך אַלע געריכטן,
צעשאָסן — אַדורכגעשפּאַרט האָט זי די ערדישע שיכטן.

זי בליט אויפן קבר! — אַפילו אָן זון און אָן רעגן —
דער שמייכל פון העלד בלויז באַלייכט איר צום פרילינג די וועגן.

איר טוי איז די טרער פון פאַראָבלטע גריכישע מאַמעס,
און ס׳טראָגט זי דאָס קבר צום רום פון אָלימפּ און פון גראַמאָס.

## די שיף...

די וואַנע, ווו עס פּליעסקעט זיך דאָס קינד,
שפּריצט וואַסער מיט די הענטעלעך אויף זיך,
צוזאַמען אויך מיט פרייד אויף דיין געזיכט;
די וואַנע, דאַכט זיך מיר, זעט אויס אַצינד
אַ שיף — און ווי זי וואָלט אין שטוב געשטאַנען
ביי דיינע אָרעמס — דעם געטרייען האַפן,
און שטיל גערוט בשלום און אין שלווה.
איז נאָך אַ שיף אַ פרידלעכע אַזאַ פאַראַנען?
האָט וועלכער ס׳איז באַגילדעטער אַדמיראַל ווו
זיך פאַר זיין פלאָט אַ שיף אַזאַ פאַרשאַפן?
זי רוט... באַלד שווימט זי, דאַכט זיך, אָפּ פון דאַנען
אין ווייטן אָקעאַן פון האָפן און פון שטרעבן.
און שטיל איך הער זיך איין און האָרך, און האָרך,
— ווי מעוועס וואָלטן טראָגן זיך אַרום און שוועבן —
עס קומען דורות מיט אַ פאָרכטיקן געשאָרך,
געשטאַלטן הייליקע פון אַ פאַרלאָשן לעבן —
די שיף אין ווייטן וועג אַריין אַרויסבאַלייטן.
פּאַטשיילעס, בערד און טיכלעך פּאַכען, פּליעסקען,
און פרייע, אויפגעבונדענע פון קייטן —
אַ נס באַוועגט די הענט, ווי נאָר אַ נס קען,
און ס׳הייבן זיך די אויסגעבראָכענע קנאָכנס
מיט אויסגעוויינטע ווונטשן און מיט ברכות:
— דאָס לעבן, וואָס זי פירט אין צוקונפט איצט אַריין,
זאָל אונדזער לעבן אויך דאָס נישט דערלעבטע זיין. —
און ס׳ציט אין וועג אַריין די שיף, זי ציט —
געפירט פון ליבשאַפט און פון דיכטערס ליד. —

וואָס זענט איר, שיפן מעכטיקע, אַנטקעגן איר,
פּלאַטיליעס גאַנצע, לאַנגע קאַראַוואַנען,
מיט אויסגעשטערנטע, באַגילדעטע קאַפּיטאַנען,
מיט לופעס אָנגעשטעלט אין לויער און אין גיר,

ווי הערנער הונדערטער און ציין פון אומגעהויערס, —
יבשות פרעמדע איינצובייסן גרייט, פאַרסמען,
און מיט די הערנער צוקלעמען, פאַריאָכן;
וואָס זענט איר קעגן איר, ווו ס׳שטייען טאַטע־מאַמע
געבויגן ווי אַ לעבעדיקער טריומף־טויער,
דורך וואַנען ס׳גייט די שיף — דער פרידלעכסטער נצחון.

## דיין ווינגל שטייט ביים טייך יאַלו...

פון אַלדאָס בייז און שלעכטס באַהיט,
אין מאַמעס הענט — דיין קעניגרייך,
כ'וועל זינגען דיר, מיין קינד, אַ ליד,
אַ ליד פון גאָר אַ ווייטן טייך.
פון ים קומט יעדער טייך און גייט,
דער — קומט פון האַרצן מיר, ווי דו.
דאָרט, לעבן אים, דיין ווינגל שטייט —
ביים טייך יאַלו...

כאָטש ווייט, דאָך נאָענט מיר איז ער,
ווי ס'וואַסער פון דער ווייסל וואַלט
געשטראָמט אין אים, דורך וועלכן כ'הער
מיין ווייטסטער זומער ווידערקולט.
פאַרברענט, ווי אונדזער יחוס־בריוו,
דער וועג צו אים איז ערגעץ־ווו;
די ערד אין צער פאַרזונקען טיף —
ביים טייך יאַלו...

קיין גוטער מלאך שפּרייט נישט אויס
אויף דיר, מיין קינד, זיין שמירה דאָרט —
דער שווערער באָמבאַרדירער בלויז
פאַרשפּרייטן קומט זיין פייער־מאָרד.
די שטערן ציטערן פאַר שרעק,
יוען ער דיין ווינגעלע דעקט צו,
עס ווײנט מיט דיר דער ווּסטער העק
ביים טייך יאַלו...

דער פרעמדער טייך איז מיר נישט פרעמד, —
מיר דאַכט, כ'האָב שוין אַמאָל געבענקט
ביי זיינס אַ ברעג, און ס'האָט מיין העמד
מיין מאַמע אין זיין שטראָם געשווענקט.

איך קען זיין טעם — פון טרערן הארב,
ס'ווייסט מער זיין גאנג נישט פון קיין רו,
פון פלאם און בלוט איז רויט זיין פארב —
ביים טייך יאלו...

דער ווייטער מענטש פון ווייטן לאנד,
וואס וואכט — און היט דעם ווייטן טייך,
שטרעקט אויס דיר זיין השגחה־האנט,
היט אויך דיין וועגעלע באגלייך;
ס'זאל גיין אויף דרערד — און נישט דער טאנק —
דער טייך זאל וויגן דיך: איי־לו... —
דערפאר באגלייט דיך מיין געזאנג
ביים טייך יאלו...

1952

## ביי דיין בעטעלע געבויגן...

מ י ל ק ע ן

מיין מיידעלע, מאַך אויף צו מיר די אויגן
און זע, ווי טאַטע־מאַמע שטייען
פון ביידע זייטן בעטעלע געבויגן
איבער דיר — אַ באַלדאַכין,
וואָס דעקט דיך צו
און אויף דיין קעפּעלע שפּרייט אויס די רו,
ווי נאַכט שפּרייט אויס די רו אויף אַלע וועגן —
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן זי, דיין רו, צו שטערן?
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן?

עס שטייען איבער דיר פון ביידע זייטן,
ווי בוים צו בוים געבויגן, — טאַטע־מאַמע,
מיט קעפּ פאַרפלאָכטן איינער אינעם צווייטן,
ווי אַן אַלטאַנע, — איבער דיר פאַרצווייגט,
און וואָס איר סכך אויף דיר אַ קילן שאָטן לייגט
אין צייט פון חמימה,
און זי פאַרשטעלט דיך פונעם ווינט און רעגן —
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן זי דיר אָנצורירן,
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן?

מיין מיידעלע, מאַך אויף צו מיר די אויגן
און זע, ווי טאַטע־מאַמע שטייען,
ווי ס'וואָלט געווען איבער דיר פאַרצויגן
און אויף דיין בעטעלע פאַרלייגט — אַ בריק,
וווּ אונטן פליסן כוואַליעס — די מעת־לעתן דיינע,
און ווי דער וואַסער־שטראָם — דאָס גליק,
פאַרגיסט און פלייצט פון בעטעלע די ברעגן —
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן דיר דעם שטראָם פאַרשטעלן?
אוי, ווער וועט זיך דערוועגן?

צו וואָס נאָך, מיידעלע, זאָל איך פאַרגלייכן
טאַטע־מאַמעס שטיין ביי דיר פון ביידע זייטן,

װאָס איבער דיר זיך שטרעקן און דערגרייכן? —
זיי זענען איבער דיר געבױגן — װי אַ דאַך,
זװ טױבן שטעלן זיך אױף אים און װאָרקען
אין שלװה און אין רו — װי נאָר אַ טױבן־פּאָר קען —
דאָס ליד פון שלום און פון פריײד פאַר דײנעטװעגן —
אױ, װער װעט זיך דערװעגן דײנע טױבעלעך פאַרטרײבן?
אױ, װער װעט זיך דערװעגן?

מײן מײדעלע, מאַך אױף אױפסניי די אױגן.
דער אָװנט דעמערט אַרום דיר אין צימער,
און ס׳שטײען אין דער טונקלקײט געבױגן
טאַטע־מאַמע איבער דיר — װי אַ טונעל,
דורך װאַנען ס׳פּאַרט אַ שײנענדיקער צוג אַרוים —
דײן בעטעלע — און ציט פאָרױס, פאָרױס,
און ס׳לױכט פון װײט די צוקונפט אים אַנטקעגן —
אױ, װער װעט זיך דערװעגן אים אין װעג פאַרהאַלטן?
אױ, װער װעט זיך דערװעגן?

## אייזיקל שרייער

אין ווינטער־נעכט לאַנגע דערגרייכט מיך זיין קול און ער לאָזט מיך
נישט רוען.

ווער איז ער דאָס, ווער? איך געדענק נישט זיין אויסזען, געשטאַלט,
צי אַ מינדעסטע תנועה.

ער פלעגט אין די ווינטער־באַגינענס צו אַרבעט און מסחר מיין שטע־
טעלע וועקן, —

„שטייטס אויף צו עבודת הבורא!" — פלעגט ס'יעמערלעך קול זיינס
פון דרויסן מיך שרעקן.

ער משוכעט זיך אויס היינט פון שניי פון מיין חרובן שטעטל אין פוילן,
ווי ס'ווידערקול זיינס פון זיין קאָזשוך, די שפּענצערס, די רימענס,
קאַמזוילן.

און ביז צו מיין פענצטער קומט ווידער מיך וועקן היינט אייזיקל שרייער,
ווי דאַן, ווען די שויב איז געווען מיט פראָסט און די הרובע אָן פייער.
ווי דאַן אין די שנייען — ער וואַנדלט אַרום אין מיין דמיון אַצינדער,
און כ'הער, ווי ער ראַנגלט זיך דאָרטן מיט ווינט און מיט ווענט, ווי
אַ בלינדער,

זיין אַלטיטשקער קאָזשוך, געלאַטעט מיט נאַכט און פאַרשפּיליעט מיט
שטערן —

אַן אַלטער, אַ פּשוטער ייד, וואָס איך האָב אים געקענט בלויז פון הערן.
פון אַלץ, וואָס די צייט האָט פאַרדעקט און פאַרשאָטן — זיין קול איז
פאַרבליבן,

עס וועקט מיך, ס'וויל זיין אין מיין ליד כאָטשבי, ווי אין אַ פּנקס, פאַר־
שריבן,

ווי ס'האָט אין די שנייען זיין לעבן פאַרשריבן זיין פראָסטער, זיין דעמ־
בענער שטעקן,

געחתמעט זיין נאָמען — באַקומען צוליב זיין מלאכה, זיין שרייען, זיין
וועקן...

פאַרדעקט איז דאָס שטעטל מיט שניי און מיט שלאָף און מיט חלום
פון וואַנדער

און איף די געלעגערס, די שטרויזעק — אין צודעק פאַרוויקלט אַ יעדער
באַזונדער.

דאָס קישן איז פול דאָרט מיט רענדלעך, צי גאָר מיט „נישטגוטע"
מיט קרומע העזויות,
עס יאָמערט אין קוימען דער ווינט, ווי פאַרעקשנט געוויין, נישט
געשטילטס, אויף לוויות.
עס קריכט אויף די שויבן געלאָסן דער פראָסט, ווי אַ מאָדנע פיל־פיסיקע
חיה.
און פלוצלינג אין דרויסן רייסט עמעצער איבער די שטילקייט — ס'איז
אייזיקל שרייער.
ס'הערט יעדער זיין יעמערלעך קול און זיין ניגון, נאָר אים זעט נישט
קיינער,
אַזוי ווי די גריל, וואָס מען הערט, נאָר מען זעט נישט — פאַרשטעקט
הינטער ציגל און שטיינער.
נאָר ווער האָט באַדאַרפט דען דאָס אייזיקלען זען גאָר, מ'האָט הערן
באַדאַרפט אים בלויז שרייען.
זיין קול איז ביי קהל געווען פאַר דער שטאָט אַ געצייג און צום שלאָף
אַ כלי־זיין.
ער האָט מיט זיין קול פון דער נאַכט — ווי אַ רידעל פון רויערד —
געגראָבן חיונה,
דאָס קול איז געווען ביי אים, ווי צוגלייך ביי דעם קלעזמער דער סמיטשיק,
די סטרונע.
פאַר אייזיקלען האָט זיך קיין פיפס נישט געהערט — בלויז דער ווינט
האָט געקלאָגט אין די שנייען,
זיין קול איז געווען פאַרן האָן ווי אַ צייכן, אַ סימן צום אָנהייבן קרייען,
און ס'האָבן די שטערן געוואוסט, אַז דער טאָג הויבט זיך אָן צוליב אייזיקל
שרייער.
ער וועקט — און שוין קלימפּערט דער עמער אין ברונעם און ס'רירט
זיך דאָס שטרוי אינעם שייער.
שוין סקריפּעט אַ שליסל, עס גענעצט אַ טויער צעעפנט, פאַרשלאָפן,
צעצויגן.
אַ רויך פון אַ קוימען שוין הנדלט זיך לאָקיק צו ד ע ר זייט און יענער
געבויגן,
שוין שרויפט זיך אַ קללה אַריין אין פאַרטאָג ווי אַ קניפּ אינעם לייב
אינעם דיקן,
עס מאָל שוין דאָס ראָד פון דער מיל און עס מאָלט ווער אַ שחרית
אַ שנעלן בשתיקה.
שוין קלינגען צעגליטע די אייזנס אין קוזשניע און שיטן מיט גאָלד —
אַ פאַרמעגן,
שוין שפּאַנט מען די שליטנס און פערד צום יריד פאַר די ווייסע, פאַר־
לוירענע וועגן.

פון הינטער די הייזער, די טירן צו ביסלעך דאָס לעבן הויבט אָן זיך
אַנטפּלעקן,
ווי אייזיקלס קול וואָלט געווען אַ שפּרוך און פון כישוף זיין פּשוטער
שמעקן.

נאָר איינמאָל האָט עפּעס די שטאָט זיך פּאַרשפּעטיקט און, נישט ווי
געוויינלעך, פּאַרשלאָפן,
וויל אייזיקלס ניגון כמעט נישט געהערט און זיך שפּעטער צוזאַמענ־
געלאָפן
אין מאַרק אַריין, ווו ס'האָט זיך עפּעס געשוואַרצט, ווו געפּירט האָבן
קוויטיקע פּלעקן —
די שפּורן פון אייזיקלס טריט אינעם שניי. די סימנים, די שריפט פון
זיין שמעקן.
זיין באָרד האָט אַ ווייסע פון זיקנה און שניי ווי אַ טענה אַרויפצו
געשטרעקט זיך.
קיין וואָרט נישט געזאָגט, און דאָס שטעטל אַליין האָט מיט אייגענע
קולות געוועקט זיך.
מען האָט צווישן אייזיקלס לויזע, צעעפענטע שפּענצערס, קאַמזוילן און
רימען
געזוכט מיט עקשנות אַ צייכן פון לעבן, אַ שאָרך און אַ מינדעסטן סימן.
די שטאָט פלעגט ער יאָרנלאַנג וועקן — איצט האָט זי געוועקט אים,
געמינטערט, געשריגן,
נאָר איצט אינעם שניי — אין אַ ווייס־ציכטיק בעט, אין אַ זוויבערס —
געלעגן איז ער און געשוויגן...

## מיר הייבן דעם בעכער

אַ יאָר גייט אַוועק, נאָר עס ווערט נישט באַגלייט
צו אייביקער רו, ווי אַ מת,
עס ווערט נישט געפירט צום בית־עולם פון צייט —
צום אין־סוף, צו שטויב און פאַרגעס.

אַ יאָר גייט אַוועק, נאָר עס פירט מיט זיך מיט
דעם חותם פון אונדזערע טעג,
עס פירט ווי אַ וואָגן די שפע — נאָך שניט —
צום שייער פון צוקונפט אַוועק.

וואָס שווערער דער וואָגן, אַלץ לייכטער ס'געמיט —
עס שיינט פון זיין ליכט אונדזער מי,
עס שענקט אונדז דער פרילינג, וואָס האָט שוין פאַרבליט,
די זאָמען פון שפּעטערן בלי.

עס גייט פון דער ערד אַ געזאַנג צו דעם זאַנג,
אַ הימען צום קאָרן, צום גערשט,
פאַר דעם, וואָס פאַרגייט, און וואָס אין זיין פאַרגאַנג
איז אָנהייב פאַראַן און צומערשט.

אַ יאָר גייט אַוועק, נאָר מיר ווערן נישט אַלט,
פון יונגקייט און ברויז נישט פאַרלאָזט,
ס'מעטאַל פון דער שטים, וואָס די חשכות צעשפּאַלט,
וועט קיינמאָל נישט ווערן פאַרראָסט.

מיר הייבן דעם בעכער, מיר הייבן דעם כּוס
אַזוי ווי אַ וואָרנונג צום טויט,
דער שפּונט פון די פעסער זאָל געבן אַ שאָס,
אָנשטאָט פון קאַנאָנען — דער שרויט.

אַזוי ווי אַ שוימיקער שטראָם, ווי אַ שלעפּ,
זאָל גיסן דער וויין, אָנשטאָט בלוט;
דער ליכטיקער שטראַל איבער אונדזערע קעפּ
זאָל הענגען — שטאָט פינצטערן קנוט.

מיט חן זאָל די רויז אינעם טויאיקן גראָז
פֿאַרהויבן איר קלייד מיט אַ קניקס;
אַז אָנטרעפֿן זאָל זיך אַ גלאָז מיט אַ גלאָז
אין פֿרייד — אָנשטאָט ביקס מיט אַ ביקס.

מיר הייבן דעם בעכער, מיר הייבן די רויז
פֿאַר אַלץ, וואָס די ליבשאַפֿט באַנייט,
מיר הייבן דעם כוס, ווי אַ פֿאַקל פֿאָרויס,
וואָס ווייזט אָן דעם גאַנג פֿון דער צייט.

מיר הייבן דעם בעכער, עס זאָל אין פֿאַרטאָג
אונדז וועקן דער האָן אויפֿן פּלויט —
און נישט פֿון סירענעם אַליאַרעם־געקלאָג,
דער וויסטער געיאָמער פֿון טויט;

מיר זאָלן נישט זען אויפֿן יתום די טרער,
נאָר טראָפּנס פֿון טוי אויפֿן צווייט,
די שראַמען פֿון וווּנדן נישט זען זאָל מען מער,
נאָר בלויז פֿון דער פּרי דעם שניט.

לחיים! זאָל זיין אונדז פֿון גראָזן דער פּליוש —
שטאָט קויט פֿון טראַנשייען — באַשערט;
אַז אָנטרעפֿן זאָל זיך אַ קוש מיט אַ קוש
אין פֿרייד — אָנשטאָט שווערד מיט אַ שווערד.

# אַ זומער־רעגן

נישט לייכט איז צו פאַרגעסן יענעם רעגן.
מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט.
געווען די זעלבע — אונדזערע באַגערן:
אַ דאַך געפינען, נישט באַרעגנט ווערן;
אַ טויער, וואָס זאָל ביידן אונדז באַשיצן
און אונדז פאַרשטעלן פאַר די דונערן און בליצן...
איך זע, די רעגן־טראָפּנס פון דיין פּנים רינען,
ווי טוי פון אַ געשמאַקן עפּל אין באַגינען.
מיר האָבן ווערטער אויסגעטוישט געציילטע, ווייניק,
פאַר אַלעם וועגן רעגן (וואָס האָט אונדז פאַראייניקט),
איך האָב געקלאָגט זיך אויפן זומערטאָג דעם שווערן,
געבעטן שטיל, דער רעגן זאָל נישט שוואַכער ווערן,
ער זאָל נאָך דויערן — פאַר אונדזער טובה־וועגן...
און, כלומרשט, כ׳האָב געקוקט ווי ס׳האַלט דער רעגן
און צוליב דעם אַרויסגעשיקט אַ האַנט פון טויער,
ווי ס׳האָט די טויב אַרויסגעשיקט צום דרויסן נח.
געווען צופרידן כ׳בין געוואָר צו ווערן:
דער רעגן קלויבט זיך גאָרנישט אויפצוהערן...
ס׳איז לאַנג שוין, דאַכט זיך מיר, זינט יענעם רעגן
און פיינעם דאַך... צי טראַכסטו נאָך דערוועגן?
איך יאָ... ווען כ׳קוק אין פייכטע טראָטוארן,
דערמאָן איך יענע כ׳יידן, יענע צערן,
און כ׳טראַכט, ווען וואָלקנס דעקן צו די שויבן,
צי כ׳זאָל דעם רעגן שעלטן, אָדער לויבן...

## אַזױפֿיל גאַסן האָט די שטאָט...

אַזױפֿיל גאַסן האָט די שטאָט, אַזױפֿיל גאַסן,
נאָר מערער ראָגן און קאַפּעען האָט די שטאָט;
פֿאַרװאָס דערמאָנט זיך מיר איין ראָג פֿון אַלע גראָד,
װאָס װערט פֿאַרפּלייצט פֿון שױמיקע טעראַסן?

פֿון טישלעך גייען איבער דאָרט די טראָטואַרן,
די טישלעך גייען איבער פֿון געטראַנק,
פֿאַרגעסן האָב איך זיי געװאָלט שױן לאַנג,
נאָר ס'רופֿן מיך די טירן און פֿאַרנאַרן.

װי אַ פֿאַרפּלייצנדיקע כװאַליע, די טעראַסע
דערגרייכט האָט מיך, אין איר רשות פֿאַרכאַפּט...
מיר האָבן איינמאָל דאָרט די גלעזער אָנגעקלאַפּט
פֿאַר עדות פֿון די לאָמפּן מילכיק־בלאַסע.

אין שלאָג פֿון גלאָז אָן גלאָז באַדאַרפֿט האָט קומען
דאָס גליק, װי פֿונעם שטײן אָן שטײן — דער פֿונק.
װי אַ מטבע האָט פֿאַרקײַקלט זיך דער קלונג —
װאָס איך קיין בעטלער װאָלט זי נישט גענומען.

דאָך זוך איך אים, דעם קלונג, און מײַנע בליקן בלאָנקען
אין װינקלען װו געזעסן ביסט אַמאָל,
װו ס'ציטערט נאָך דער אָפּקלאַנג פֿון דײַן קול
און אַלע שפּיגלען קוקן אױס דײַן אָנקום;

ביים רױטן טישעלע זיי זוכן אונדז מסתמא,
אין טונקלען ליכט, אין שאָטנס אײַנגעװעבט.
דער װײַן אין גלאָז האָט לאַנג שױן אױסגעזשװעפּט —
און װײַפּל װונטשן אױך — מיט אים צוזאַמען.

דאָס ליכט גייט אױס. מען ציילט שױן אױס די קאַסע.
די אומגעקערטע שטולן מאַכן נאַכט.
כאָטש אַלץ האָט הינטער זיך די טיר פֿאַרמאַכט,
כ'געדענק אַ ראָג, אַ שױמיקע טעראַסע...

## אַ פּ פּ אָ ר...

דו ביסט אַוועקגעפאָרן.
דער אכזריותדיקער צוג
האָט דיך פון מיר אַוועקגענומען אָן רחמנות.
איצט שטיי איך און איך קוק:
ווי שרעקלעך ליידיק איז דאָס אָרט געוואָרן
ווו ס'איז דער צוג נאָרוואָס מיט דיר געשטאַנען.
פאַרוואָס, פאַרוואָס קאָן איך נישט מער אַוועק פון דאַנען,
ווי כ'וואָלט עפּעס געהאַט
ביי אָט דער ליידיקייט צו מאָנען?
דער צוג פאַרשווינדט.
זיין פייף האָט ווי אַ חלף זיך פאַרשניטן
אין חלל און אין מיר.
עס שיקט דיר נאָך מיין האַנט אַ לעצטן „זיי געזונט!"
ווי זי וואָלט וועלן נאָכלויפן נאָך דיינער,
וואָס פאָכעט ווי אַ שוועבנדיקע טויב
אַוועק פון מיר אַלץ ווייטער, ווייטער, ווייטער...
און באַלד באַמערקט זי שוין נישט מער מיין בליק
און מיטן אין־סוף ווערט זי איינס —
דיין ווייטע האַנט — מיין שוועבנדיקע טויב.
נאָר אין מיין חלום קומט זי באַלד צוריק
און אינעם טונקלען טויבנשלאַק — אין האַרץ —
זי שוועבט אַ ליכטיקע אַריין...

## אַ ווייטער פייף

דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוון
ווי שאַרף אין מיין גוף זיך פאַרשניידט;
צי וויל עס דערמאָנען בכיוון
אַז דו ביסט פון מיר ערגעץ ווייט?

זיין ניגון פון אָפּשייד און בענקען
וויברירט אין מיין בלוט, אין געביין;
ווער נאָך, ווי מיר ביידע, געדענקען
דיין אָפּפאָר, דיין לעצטן פאַרגיין

אין שויב פון וואַגאָן דעם באַוועגטן,
וואָס רירט פון דער ראַמפּע, פון ראַנד,
ווען צווישן די אָרעמס געשטרעקטע
פאַרלעשט זיך דער פאָך פון דיין האַנט...

אַ פייף האָט אין גוף זיך פאַרשניטן
מיט שאַרפקייט פון מעסערס, פון העק;
ער האָט מיט מיין ליד זיך פאַרביטן, —
מיין ליד איז ער זינט ביסט אַוועק.

געוואָרן איז ער דיינס אַ צייכן,
ער רופט מיך, ווי ס'רופט מיך דיין שטים:
איך וועל ווי אַ נאַכטוואַנדלער שלייכן,
אין ווייטקייט זיך לאָזן נאָך אים...

פאַרלאָזן וואָלט איך מיין געלעגער
ווען ס'וועקט מיך ביינאַכט זיין וויבריר;
ווי נאָנט ווערן מיר אַלע וועגן
און קורץ — ווייל זיי פירן צו דיר...

## דו שמייכלסט ווידער...

דו שמייכלסט ווידער,
דיין טרער — מיר דוכט —
פאַלט שטיל אַנידער
ווי ס'פאַלט אַ פרוכט

פון צווייג — דיין וויע,
איין רגע בלויז —
ווי זון — מיין ראיה
דיין טרער טרינקט אויס.

ווי ס'וואָלט געפלאַטערט
אי שטיל, אי גרינג
אויף שויבן גלאַטע
אַ שמעטערלינג —

דיין פייכטע וויע
מיין באַק באַרירט.
כ'האָרך פליגל-פליען,
דאָס האַרץ וויברירט.

די גרויסע כמאַרע
ווערט קליין, שרומפּט איין,
זי מאַכט אַ וואַרע
דער העלער שיין.

דיין פייכטע וויע
הייבט-אויף די פרייד.
אין האַרץ מיין קריע
צערינט, צעגייט.

דאָס שטראַלן-שטיפן
איך סוף באַשטימט.
דיין אויג — אַ שיפל
אין טרערן שווימט —

צו ברעגן ווייטע
און אומבאַקאַנט,
אַהין, אַלץ ווייטער
צום טרוימענלאַנד.

עס ברענט פון ווייטן
דער מאָרגנרויט,
דיין טרער פון ווייטיק
זאַפט איין די הויט

פון מיינע גלידער,
ווי זון דעם טוי. — —
דו שמייכלסט ווידער —
ס'איז גוט אַזוי.

## צווישן חיות

צווי דאַמען גייען זיך אַרום פון שטייג צו שטייג אין זאָאָ
און קוקן אויף די בירגער חיות לוסטיק, מיט הנאה.
דאָס חיותטום קוקט נאָך די דאַמען דורך די אייזן־זוענטלעך,
גלייך ווי זיי וואָלטן אים פון ערגעץ־ווו געווען גאָר קענטלעך.
ווי קומען חיות דען אויף דאַמען גאָר זיך צו פאַרקוקן?
זיי גייט בלויז אָן דער מענטש, כל־זמן זיי קענען אים פאַרצוקן.
וואָס קוקן פאַרט די חיות נאָך די דאַמען פול מיט נייגער,
ווי מאַנצבילן, וואָס קוקן נאָך אַ פרוי, ווי ס'איז דער שטייגער?
וואָס האָבן זיי די אויגן צו די דאַמען אויפגעריסן? —
די חיות ווייסן וויל פאַרוואָס — און לאָמיר אויך דאָס וויסן.

איין דאַמע טראָגט אַ מאַנטל פון אַ טיגער אַ געשפריצטן,
דער טאַש ביי איר — פון קראָקאָדיל און העלפאַנטביין געשניצטן.
די צווייטע טראָגט אַ שטרויספעדער פאַרשטעקט אין הוט, אַחוצדעם —
אַ מאַנטל פול מיט מאַלפּע, אַ באַנייטן און באַפּוצטן,
— וואָס איז מסתמא גיך און פלינק נאָר וואָס אַראָפּ פון בוים ערשט —
דערצו אויף אירע אַקסלען, ווי אַ לעבעדיקער, כלומרשט,
אַ זילבער־פוקס מיט גאווה ליגט, געוועלטיקט זיין ממשלה.
ווי ס'האָט דער זאָאָ דאָס דערזען איז דאָרט געוואָרן אַ בהלה,
דאָס חיותטום לויפט אום אין שטייג צעדולט, משוגע, איילִיק,
ווייל יעדע פון די חיות אין די דאַמען זעט זיין חלק.
דער טיגער זעט זיין דזשונגל־היימלאַנד אין דער דאַמעס פּאָלעס
און מיינט, אַ לאַנדסמאַן זיינער קומט אים אויסלייזן פון גלות.
די שטרויס נעמט איבערציילן אירע פעדערן, ווי ס'מאַכט זיך,
ווייל מ'האָט איר צוגעלקחנט איינע, חלומט איר און דאַכט זיך...
אַ גליק, דער העלפאַנט עסט געשמאַק, ער האַלט נישט פון פאַרפאַסטן,
און ער באַמערקט נישט זיין געביין אין טאַש, דעם איינגעפאַסטן.
די מאַלפּעס זעען אָנגעטאָן די פרוי אין זייער מלבוש
און קלערן, ס'מאַכט זיי נאָך דער מענטש, וויל ווידער ווערן מאַלפּיש.
דער קראָקאָדיל דערזעט דעם טאַש און ס'נעמט אים היימלעך ווערן,
ער מיינט, אַ קרוב, און ער וויינט פאַר פרייד, מיט עכטע טרערן.

דער פוקס, דער חכם, זעט אַ פוקס אין אַנדערן, אַ פרייען,
און גלויבט, דאָס איז אַ פריינד, וואָס קומט זיין לאַנגוויל אים צעשטרייען.
באַלד כאַפּט ער זיך, דער פיפיקער, און קוקט מיט אומפאַרטרויען:
וואָס איז דאָס פאַר אַ פוקס, געבונדן אויפן האַלדז ביי פרויען?...

דער זאַץ רעשט. געפילדערן פון מענטש און חיה שטייגן,
נאָר ס'אַנט נישט קיינער די געהיימענישן אין די שטייגן
און פון געברום און וואָי די סיבות פלוצים אומגעריכטע.
עס ווייסן דאָס די חיות בלויז און אויך איין מענטש — דער דיכטער.

## דאָס קינד און דער העלפאַנט

שטייט אַ העלפאַנט זיך אין זאָאָ,
תמעוואַטע, גלאַט אַזוי־אָ.

אַ שטיק ערד, פּאַרצייטיש, גרונטיק,
און מגושם — טויזנט־פונטיק.

שטייט ער וויכטיק און געוויכטיק,
אַזש דעם קינד ווערט העל און ליכטיק,

ווען עס קומט דעם גבר באַזוכן
און עס גיט אים ברויט און קוכן.

ער — אַ ריז, אַ הויז מיט גאַרנס,
ס׳קינד — אַ ברעקל אַ פּאַרלאָרנס.

וואַרפט עס שפּייז, ווי אין אַ ברונעם,
אין זיין טראָמבע — קוועלט מען פון אים.

קוועלט און לאַכט פון אים דער זאָאָ,
מוט דעם העלפאַנט אויך הנאה

פון די פיינע גוטע זאַכן —
מילא, טראַכט ער, לאָמע לאַכן...

מיט די שפּילקע־אייגעלעך בליקט ער,
טראָמבע שיקט ער אַ געשיקטער.

ווי אַ פייערלעשער־קישקע,
כאַפּן פונקען — יעדע קרישקע.

ווייל ס׳איז הונגעריק דער העלפאַנט,
ווי די שכנותדיקע וועלף היינט.

מילא, טראַכט ער, לאָמע לאַכן —
ער וועט זיך זיין לעבן מאַכן...

בוקט זיך העפּלעך צום באַדאַנקען
פאַר די עסענעס־געשאַנקען,

און די אויערן די ברייטע,
ווי אַן אַלטן הוט, פאַרשפּרייט ער.

אַזאַ נס, נישטאָ זיינס גלייכן —
אַז אַ ברעקעלע, וואָס גרייכן

צו די קנעכלעך קאָן באַווייזן,
קאָרמען זאָל דעם גבר און שפּייזן;

זאָל דעם ריזן־העלפאַנט העלפן,
און דער גבר, דער ריז, דער העלפאַנט

זאָל דאָס ברעקעלע פאַרוויילן! —
ממש וווּנדער צו דערציילן. — — —

זון, וואָס דו זעסט צו דאָס וווּנדער,
יעדן, זון, באַזונדער.

## דער שניי־מענטש

די מעשה האָט אין בעלעם זיך פאַרלאָפן,
ווען אין אַ ווינטער־נאַכט איז שוין געשלאָפן
די גאַנצע שטאָט אין איינגעהייצטע היימען.
געוואַכט האָט בלויז איין מענטש אין גאַס — דער שניי־מענטש,
וואָס ווייסע חברה האָט געמאַכט אין דרויסן,
אַ בעזעם אים אַריינגעשטעקט אַ גרויסן —
ווי ס'איז דער דין — און מיט אַ גראָבן שטעקן,
אים אָנגעטאָן אַ הוט, — אַן אַלטן בעקן,
באַחנטע אויגן אים געמאַכט פון קוילן —
און הערשן איבער בעלעם אים באַפוילן.
כאָטש חברה־לייט, און בעלעמער דערצו נאָך,
זיי האָבן נישט ביינאַכט קיין רו געפונען,
אַ מיטלייד איז באַפאַלן זיי ביז אימה:
ווי קען מען לאָזן שטיין אין גאַס דעם שניי־מענטש
אַליין אויף אַזאַ ווילדער קעלט און פרירן,
בעת אונדז איז וואַרעם הינטער שלאָס און טירן?
און אַז דער צער זאָל קיינעם מער נישט קלעמען —
באַשליסט מען אים אין שטוב אַריין צו נעמען.
כך הוה. ס'האָט דער שניי־מענטש זיך באַוויזן.
ס'איז, ווי דער שניי, ביי יעדן ריין ס'געוויסן.
פאַרוויקלט האָט די פערענע די גלידער,
און מ'איז באַרואיקט איינגעשלאָפן ווידער.
נאָר, אַז מ'האָט אויפגעכאַפּט זיך אין באַגינען —
איז נישט געווען דעם שניי־מענטש צו געפינען.
גאַנץ בעלעם רעדט פון נס, וואָס האָט געטראָפן,
ווי ס'איז דער שניי־מענטש פון דער שטוב אַנטלאָפן,
אין איילעניש פאַרגעסן בלויז דעם שטעקן,
דעם בעזעם און דעם הוט — דעם אַלטן בעקן...

## די קאַנגור

וואָס קוקט איר, טפּשים? — פֿרעגט ביי מענטשן די קאַנגור. — מה רעש?
איז וואָס, אַז כ'האָב מיר אויפֿן בויך אַ קעשענע, אַ טאַש?

מיין טאַש, ווי ס'איז באַוווסט, האָט נישט קיין שניידער אָנגעניית,
ווי אייערע — אויף אייער מלבוש, הויזן, ראָק, צי קלייד.

איר טראָגט אין אייער טאַש פֿאַרמעגן, אוצרות, געלט און זינד,
און איך אין מיינער, ווי מען זעט, — אַן עופּעלע, אַ קינד...

פֿון טאַש אַרויס מיין עופּעלע קוקט אויך אויף אייך — מה רעש? —
ס'האָט אויך אַ טעשעלע, דערוויל — ס'וועט שפּעטער זיין אַ טאַש...

און ווי ביי מיר, די טאַש וועט זיין ביי אים אַ וויגל אויך,
און ס'וועט אין איר אַן עופּעלע אויך טראָגן, אויפֿן בויך...

## דער אייזל פון משיח

זינט ס'האָט דער אייזל זיך דערוווּסט די גוטע נייעס,
אַז קומען וועט משיח גאָר אויף אים צו רייטן,
איז ער געוואָרן גרויסער יחסן איבער אַלע חיות
און גאָרנישט טאָן געוואָלט, געוואַרט בלויז אויף משיחס צייטן...
צום דישעל לאָזט ער זיך נישט שפּאַנען מער, ווי פריער.
אַ קליינִיקייט — די לעבעדיקע טראָן־שטול פון משיח!
ער לאָזט זיך מער נישט אָנטאָן אויפן האַלדז דעם כאָמעט,
גלייך ווי דאָס וואָלט זיין פּעל די כשרע געמאַכט אים טמא.
און גרויס איז ער ביי זיך און וויל זיך גאָרנישט מישן
אין די עסקים פון די שטאַל־קאָלעגן, זיינע מיטבאַשעפענישן.
וואָס, ער וועט שלעפּן, כ'בעט אייך איבער, וואָגנס צואה?
אָ, נישט געטראָפן ס'אָרט, איר זענט זיך, זייט זשע מוחל, טועה.
ער לאָזט זיך מער נישט אָנשלאָגן קיין פּאָדקאָוועס פון אייזן,
נישט אַנדערש, אָפּגילטן באַדאַרף מען אים, משיחס אייזל!
דער וועג צו דער גאולה, מיינט ער גאָר, איז אויסגעפּלאַסטערט
מיט גאָלד און זילבער, איידלשטיינער און אַלבאַסטער.
באַזונדער האַלט ער זיך און גייט נישט אויף דער פּאַשע,
אַ קנאַפּער עסער איז ער, אַ פאַרזוכער בלויז, אַ נאַשער,
ער שמעקט נישט צו דער קאָריטע, איז גאָרנישט טועם,
אומזיסט־אומנישט דערלאַנגט מען ס'בעסטע היי און שטרוי אים.
אַלץ שאַרט ער אין אַ זייט. וואָס, ער וועט עסן ס'זעלבע,
וואָס עס אַכלען אָקסן, ציגן, פערד און קעלבער?!
אָן איידל מעגעלע באַקומט ער גאָר אינגיכן,
ווי נאָר ער ווערט געווויר, אַז ער ברענגט משיחן.
— נישט אַנדערש, — ווערן בייז אויף אים קאָלעגן, — אַ שגעון!
ער טיילט זיך אָפּ, דער יחסן. נעמט פאַרפאָרט אים מיט די טלאָען!...
כאָטש גיט אים יאַיכלעך גילדענע און מאַרציפּאַנעס,
ווייל אַנדערש איז ער דאָך נישט צוגעווינט, דער שיינער תנא!...
מען שימפּט, מען הייבט די טלאָען, ס'פאַלן קללות אָן אַ שיעור.
ער הערט נישט, האַלט די אויערן געגרייט צום שופר של משיח.
ווייל גאָרנישט גייט אים אָן און גאָרנישט האָט ער שוין אין זינען.
ער הערט נישט, וואָס מען רעדט צו אים, מבטל איז ער יעדן ענין.

ער וואַרט און וואַרט. און מיטן וואַרטן בלויז איז ער פּאַרנומען,
און אַלצדינג לייגט ער אָפּ אויף שפּעטער, ווען משיח וועט קומען...
דערווייל וויל ער נישט טאָן קיין פּוס אין קאַלטן וואַסער,
שוין אָפּגעערדט פון אַרבעטן, פון פירן מינדסטע משא.
דעם רוקן שוינט ער אָפּ און לאָזט אים נישט באַרירן,
ווייל טאָמער וועט ער אויף אים דאַרפן אַ ים, זאָל לעבן, פירן.
און עסן עסט ער נישט. עס פּאַסן אים דאָך נישט די גראָז־מאכלים —
ער איז מפרנס זיך מיט דעם בלויז, וואָס ער זעט אין חלום,
און דאַרט און קוואַרט, גייט איין פאַר אַלע אין די אויגן —
ביז ס׳האָט דער אייזל־קאָפּ די קאָפּיטעס, במחילה, אויסגעצויגן...

# דער העלפֿאַנט און די פּילן

שלאָף געוואָרן איז, נישט דאָ געדאַכט פֿאַר קיינעמען, דער העלפֿאַנט.
רופֿט מען גלייך צו אים דעם רופֿא, אַז ער זאָל אים העלפֿן
געזונט ווערן מיט אַ רפֿואה־שלימה.
קומט ער אָפּשטאַטן דעם העלפֿאַנט אַ באַזוך
מיט זיין שרעקנדיקן טאַש מכשירים די געהיימע,
וואָס ביים דערזען זיי גייט דעם חולה דורך אַ סקרוך
און הייבט נאָך מערער אָן זיך צו באַקלאָגן...
דער דאָקטער, ווי דער שטייגער, פֿרעגט זיך נאָך אויף אַלץ:
אויף דעם שלאָף, דעם שטולגאַנג, אַפּעטיט און אויפֿן מאָגן
און הייסט דערלאַנגען זיך אַ לעפֿעלע צום האַלדז.
דערנאָך פֿאַרשרייבט ער עפּעס וויכטיק, שנעל, געשיקט,
און מיט אַ כּתב, וואָס איז אַזוי פֿאַרציקט,
אַז ס׳איז דעם העלפֿאַנט גאָר אוממעגלעך דאָס איבערצולייענען.
נאָר, מילא, טראַכט ער זיך, אַבי מען ווערט דערפֿון געזונט;
אַבי ס׳איז דער אַפּטייקער וווילגעלערנט און באַהאַוונט,
וואָס איבערלייענען קען ער גאָר די שווערסטע כּתבֿן,
הכּלל, פֿאַרשריבן האָט דער דאָקטער אַ רעצעפּט:
פּילן. איינעמען אַ פּיל צו יעדן מאָלצייט. זינט ער לעבט
האָט דער העלפֿאַנט נאָך פֿון אַזאַ מאכל נישט געהערט,
און לאָזט אַראָפּ אַ ברוגזער די טראָמבע ביז צו דר׳ערד,
ווען ער זעט, מען נעמט פֿון שקאַרמיץ און מען שטרעקט אים אויס
אַ פּיל, אַ פּיטשעמאָנטשיק, ווי אַן אַרבעסל די גרייס,
אים, אַ ריז, אַ העלפֿאַנט ווי אַ הויז, קיין עין־הרע,
וואָס איינשלינגען קען ער מיט איינמאָל אַן אַפּטייק!
מען מאַכט פֿון אים ס׳גענאַר, זעט אויס, אַ סבֿרה;
נישט אַנדערש, נאָר מען וויל אים צו אַ מפּיל קינד פֿאַרגלייכן! —
גיט ער ראַפּטום און מיט כּעס די טראָמבע אַ פֿאַרבייג
און אַ פֿאַרדריי אַרונטער, ווי אַ פֿראַגע־צייכן:
היתּכן, פֿרעג איך, אַט דאָס פּילעכל דאָס קליינע
קאָן מיך, אַ ריז, געזונט מאַכן און ברענגען צו די כּוחות מיינע?!
כ׳בין נאָך נישט אַזאַ גרויסער נאַר, ווי גרויס איך בין, איך זאָל דאָס
מיינען! —

דערבײַ גיט ער די טראָמבע אַ פֿאָרוואַרף, ווי בײַ אַ פֿאָרט אַ הויבער,
ווען ער שטרעקט זיך אויס נאָך לאָדונג, נאָך אַ קאַסטן, צי אַ קויבער,
און גיט אַ כאַפּ דעם גאַנצן שקאַרמיץ פֿילן און כהרף עין —
ער שלינגט אים אײַן... נאָר ווײ איז אים, ווי ווערט ער אים פֿאַרדײַען?!
ער הוסט און קרעקט זיך, און דאָס הוסטעניש איז נישט צום צאַמען,
(אײן פֿיל איז ביטער — נו, הײַנט הונדערט שטיק צוזאַמען!)
פֿאַר די אויגן נעמען רעדער גאָלדענע זיך דרייען, פֿליען, מיניען, —
כאַטש נעם און כאַפּ — נאָר, ווײ, ווער האָט דען איצטער גאָלד אין זינען?...
דער דופּק, גלײַך ווי ס'וואָלט אים ווער געיאָגט, אשטייגער, איצטער,
נעמט אײַלן גיך, ווי אַ פֿאַרשפּעטיקטער צום באַן, אַ רויט־פֿאַרשוויצטער.
און פּלוצים ווערט דעם העלפֿאַנט פֿינצטער פֿאַר דער ראיה,
און ס'כאַפּט אים אָן אַ ברעכעניש און שוואַכקייט אין די קניען,
און וואַקלט זיך און בייגט זיך צו דער ערד, ווי בגילופֿין.

ערשט מ'האָט געמוזט צו אים דעם טייערסטן פּראָפֿעסאָר רופֿן...

# ר אָ ב ן

אָנהייב פּרילינג. דאָס פּאַרפֿאָלק, דער ראָב און ראָביכע, איז זיך געזעסן
אויף אַ צווייג, וואָס האָט זיך אָנגעגורט, שוין אָנגעברייט צום בליען.
נאָר וואָס גייט זיי אָן דער פּרילינג, אַז קיין פּגר זעט מען נישט צום פרעסן.
האָט די ראָביכע זיך אָנגעזעצט, דעם ראָב גענומען טאָרען, ציען,
דראָענדיק אים מיטן שנאָבל, וואַרפֿנדיק אָן אייגל בייז און קאָסע:
— געדענק, אויב וועסט מיך נישט באַזאָרגן מיט פּרנסה,
וועל איך דיר באלד דאָ אויסטרענען אַ פליגל!

דער ראָב האָט נישט דערווידערט, נישט געהאַט האָט ער בדעה זיך צו קריגן
און איינגעמען האָט ער געזוכט די פלוניתטע מיט גוטע רייד:
— וואָס קען מען טאָן, אַז שלום איז דערוויל, אזא פּאסקודנע צייט,
כאָטש לייג דעם שנאָבל אויף דער פּאָליצע און קראָ! — קראָפּיר!
נאָר נישט געזאָרגט, מיין טייערע, מיין ליכטיקע נשמה,
גאָט פארלאָזט נישט זיין באַשעפעניש; וועסט זען, ס׳וועט ווידער זיין מלחמה,
און מזל-ברכה זיין פאר אונדז וועט אָן א שיעור.
עס וועט זיין טויט, קיין עין-הרע, — נו, איז מאכן וועלן מיר אויפסניי א לעבן,
וועסט לעבן, זאָג איך דיר, און לאכן, ווי דו ווינטשסט זיך עס אליין.
איי, וועסט זען, א שפע וועט דאָס זיין, ווען גאָט וועט געבן,
און פול וועט זיין דאָס פעלד מיט בלוט, גערעדעם און געביין.
וועסט זען, וועסט זען... — — מיין ראָביכע, מיר דאכט, ס׳איז ווידער קריג! —
האָט גיך דער ראָב פאר שמחה אזש זיך מיט דער צווייג צעוויגט,
און מיט די אויגן, ווי צוויי שווארצע קנעפלעך פון א טויטן-בגד,
אין דער ווייט זיך איינקוקן גענומען גיריק, שארף און טיף,
און אָנגעשטעלט דעם שנאָבל האָט ער, ווי א קריגס-באפאלער דעם שפּאָקטיוו, —
— מיין ראָביכע, ס׳איז קריג! אין פעלד דאָרט, פאר דער קרייציקונג פון וועגן
כ׳זע ליגן גופים שוין, די ערשטע צוויי פּגרים! לאָמיר ציען! —
און גיט די פליגל א פארשאַרץ, ווי שווארצע, אומהיימלעכע פּאָלעס.

די ראָבן גיבן זיך א לאָז (עס אָטעמט אָפּ די צווייג, וואָס גרייט זיך בליען)...

אין פרילינגדיקן פעלד, פאר עדות צוויי געשווירענע — טאָפּאָליעס,
געלעגן זענען טאקע דאָרטן זיך צוויי גופים... —
דאָס איז געווען א ליבע־פּאָר, פון פרילינג־דופט און ליבע בגילופין
און מיט זון, ווי מיט א צודעק, א באַגילדעטן, פאַרדעקט.
פון זיסן דרימל האָבן די פארליבטע לייכט זיך קוים איבערגעוועקט,
ווען די ראָבן האָבן מיט געדודער זיך דערנעענטערט צו זיי
און ארומגעקרייזט די גופים זייערע מיט פליגל־פּאטשן און געשריי.
דערשראָקן, איבערראשט, דאָס ראָבן־פּאָר, שוין גרייטנדיק צו געבן
אַ לאָז אריין זיך אינעם בלוט פון א געראָטענער און פעטער שחיטה,
האָט גיך זיך אָפּגעטראָגן — ווייל צו ליבע, פרילינג און צום לעבן
האָבן ראָבן נישט קיין שליטה.

## צוויי ביכער

עס שטייען ביכער אין דער שאפע, נאָענטע שכנים.
און כאָטש זיי שטייען מיט די רוקנס אויסגעדרייט,
זיי זענען נישט, חלילה, ברוגז, נישט אויף מיר און נישט אויף קיינעם.
פארקערט, זיי האָבן ליב פון צייט צו צייט
א שמועס טאָן וועגן דעם און יענעם
און מיט ענינים זייערע מיך ברייט באַקענען.
אָט טרעטן צוויי ארויס פון זייער ריי,
מיט אויפגעמאכטע טאָוולען, הימל עפן זיך, מיט אמפעריי.
צוויי דיקע ביכער, יוסטע באלעבאטים, ברייטע,
מיט בלעטער־פאַלעס ווילד־צעפלויגענע, צעשפרייטע,
צערודערטע, צעטראָגן און צעיאכמעט,
מחמת
זיי קומען מיט א וויכטיקער און גרויסער טענה:
דער אויסזען און הלבשה איז נישט גלייך ביי ביידן,
ס׳איז איינער אָנגעטאָן אין גאָלד, אין סאמעט און אין זיידן,
מיט בלעטער ציכטיקע, ווי ריינע אונטערוועש גאָר פיינע,
דער צווייטער אין א פראַסטער הילע, אַ צעפליקטער און געמיינער,
מיט אויסגעקנייטשטע בלעטער, מיט סימנים פון מאכלים.
היות זיי זענען שכנים, לעבן זיי נישט גאָר בשלום,
(ביי ביכער פירט זיך אויך, ווי ס׳פירט זיך אומעטום ביי לייטן),
און רק מען קריגט זיך און מען האקט זיך אָפ די זייטן...
עס שטייט נישט אָן דעם שיינעם בוך, דעם אויסגעפוצטן פראַנט,
צו שטיין בשכנות מיטן אָפּגעפליקטן, אָפּגעשליסענעם באַנאַנד,
מיט עפּעס אַ פערזאָן, זאָגט ער, וואָס גייט פון האַנט צו האַנט...
באקלאָגט מען זיך פאר מיר און רק מ׳איז אומצופרידן,
נישט אנדערש, איך זאָל זיין דער פוסק און איך זאָל אנטשיידן.
— שאצט איר אָפּ, ווער ס׳האָט מער די ווערט, קוקט אָן מיין שיינעם אויסזען, —
איז שטאָלץ דער פראַנט, — ווי גאַנץ איך בין פון אינעווייניק און פון דרויסן,
און יונג און פריש, קיין קנייטשעלע, קיין שפור פון זיקנה,
איך פעכל, ווי אַמאָל מיט לאַנגע יאָר גאָר צוריק נאָך,

און כבוד גיט מיר יעדער אָפּ, עס טשעפּעט מיך נישט קיינער,
מען רירט מיך נישט, ס'טרעט אָפּ דעם וועג מיר יעדער איינער...

— כ'בין מוחל אים דעם כבוד! — ענטפערט אָפּ ס'צעפליקטע בוך
און גיט דעם גרויסהאַלטער אַ באַך אין רוקן און אין זייטן אים אַ שטורך,
און שפּאַרט זיך דורך פאַרויס. — כ'בין שטאָלץ מיט מיינע „שטעטער"!
אויב ס'איז מיין הילוך אָפּגעשליסן, אויסגעקנייטשטע מיינע בלעטער,
באַווייזט דאָס, אַז מ'האָט איבער מיר די שטערנס זיך געקנייטשט
און אַז מ'האָט יאָרנלאַנג פון מיר געדרונגען און געטייטשט,
מען האָט ביי מיר געשאַרפט דעם מוח און געשליפן,
מ'האָט חכמה פול געשעפּט פון מיר, ווי פון אַ קוואַל אַ טיפן,
און אויב איך בין איצט אָפּגעפליקט און אָפּגעשליסן
און אויב עס איז מיין רוקן אויסגעריבן,
און אויב ס'איז נישט פון מיר קיין גאַנצע זייט געבליבן,
זאָלט איר דעריבער טאַקע ווייסן:
דאָס איז געוואָרן, דינענדיק דעם שכל, דעם פאַרשטאַנד,
מיט איין וואָרט, בקיצור — ווייל מען נעמט מיך אין דער האַנט.
און ער, דער שיינער תנא באַרטיק, אויב ער איז אַ גאַנצער לייט
איז דאָס ווייל קיינער רירט זיך גאָרנישט צו צו אים די גאַנצע צייט.

די צדדים שטייען צו און פאָדערן דורכויסיק,
אַז איך זאָל זיין אין זייער שטרייט דער פּוסק,
נאָר וועמען אין דעם אַמפּערניש דעם גרויסן
כ'וועל פּסקענען גערעכט — איז לייכט זיך אָנצושטויסן.

## אַן אייגענער טאָן...

ביי אַ טויער שטייט אַ מאַן,
שטייט אַ מאַן — אַן אָרעמאַן,
גאָר מאָדנע טענער שפּילט ער אויס
אויף גאָר אַ מאָדנעם אינסטרומענט.
צו זאָגן וואָס דאָס איז אַזוינס
איז נישט בכוח מיין טאַלענט.
איך זע אַ קאָכלעפל, אַ ברעטל, שטריק און דראָט,
(די כלי האָט דער מאַן אַליין געמאַכט),
נאָר ווי צו אָנרופן די זאַך
דאָס ווייס איך נישט, דאָס ווייסט איין גאָט.
און טענער גיט די זאַך אַרויס:
חצי זשאַבע, חצי מויז,
חצי סאָווע, חצי גריל...

כ׳פאַרהאַלט זיך לעבן אָט דעם מאַן אַ ווײַלע,
כ׳גיי נישט ווייטער.
— דו קענסט זיך זאָגן, וואָס דו ווילסט, —
רופט זיך אָן צו מיר מיין חבר, מיין באַגלייטער, —
וואָס דאָס איז פאַר אַ שפּילן, פאַר אַ כלי,
לאָמיר וועגן דעם אַצינד נישט דאַגהן,
און אויך נישט, אַז עס איז אונדז די סימפאָניע נישט באַוווסט,
נאָר מסכים זיין וועסטו מיט מיר געוויס,
אַז דער טאָן איז אייגן...

יאָ, יאָ, כ׳בין מסכים, אַז דער טאָן איז אייגן...
נישט וויכטיק אָבער, מיין איך, איז דאָס אייגנס,
ווי דאָס, מיין פריינד, וואָס ס׳איז אַ ז ו י נ ס דאָס אייגנס...

# דער וואָלף און דאָס לעמעלע

געשריבן האָט דער וואָלף צום לעמעלע בזה הלשון:
„איך לאַד דיך איין צו מיר אויף מיטאָג היינט".
האָט דאָס לעמעלע מיט גרויס צופרידנקייט דאָס בריוועלע געלייענט,
געטראַכט: דער בעס האָט זיך ביים וואָלף שוין איינגעלאָשן,
נישט אַנדערש, נאָר ס'איז שוין משיחס צייטן.
און ס'איז די פרייד פון לעמעלע געווען אין לשער,
האָט עס דערפאַר
די איינלאַדונג פון וואָלף אַן קווענקלענישן אָנגענומען,
געפוצט זיך און געפעדערט, זיך גענומען גרייטן,
געלאָזט זיך מער די לעקעלעך ביים שערער אָנדולירן,
געהייסן זיך באַשפּריצן מיט די טייערסטע פּאַרפומען
און נישט פאַרגעסן אויפן וועג צו קויפן בלומען.
הכלל, געפירט זיך אַרטיק, ווי מען דאַרף זיך פירן
ביי לייטן און ווי ס'פּאַסט.

— ווילקאָמען, ליבער גאַסט!
ווי גליקלעך און צופרידן בין איך פון דיין קומען! —
האָט דער וואָלף דאָס לעמעלע גאָר פריינדלעך אויפגענומען, —
נאָר כ'בעט דיך, שטופּ מיר נישט קיין בלומען צו די ציין,
דו ווייסט אַליין,
אַז דאָס איז נישט פאַר מיר קיין מאכל,
כ'האַלט, וואָס אַן אמת, מער, מיין ליבער גאַסט, פון בשר,
איך קאָן דיר שווערן, אסור,
אויב ס'האָט שוין עמעצער מיט בלומען ווען פאַרבראַכט אַ יאַיכל...
ווי גוט, מיין טייערס, האָסט צו מיר אַצינד אַריינגעטראָפן!
מיין אַפּעטיט איז גלענצנדיק און פיין!...
נאָר הער, צו וואָס זשע דאַרף איך דאָ מיט הינטערוועגן גיין,
כ'האָב ליב צו זיין גאָר אויפריכטיק און אָפן,
אַן לאַנגע שהיות, הער, מיין טייער קינד,
דו קענסט שוין זאָגן ווידוי און זיך אָפּגעזעגענען געשווינד...

— וואָס הייסט? —
האָט שטיל ביים לעמעלע די שטים געציטערט אין געוויין, —
דו האָסט דאָך מיר געשריבן שוואַרץ אויף ווייס,
אַז דו לאַדסט מיך איין אויף מיטאָג, נאַ, נאַ, זע אַליין.
דערפאַר טאַקע האָב איך צו דיר זיך אויסגעקליבן.

— ס'איז אמת, טייערס, איך האָב דיר געשריבן
און טאַקע אייגנהענטיק, שוואַרץ אויף ווייס:
„איך לאַד דיך איין צו מיר אויף מיטאָג". איך האָב נישט געמיינט,
חלילה, דיר צו זאָגן ליגן, צי אַ שפּאַס.
„איך לאַד דיך איין צו מיר אויף מיטאָג היינט" — דאָס הייסט,
אַז דו וועסט זיין מיין מיטאָג און צוגלייך מיין גאַסט.
מיין טייערס, איך האָב ליב צו זאָגן אָפן, וואָס איך מיין, —
און ס'האָט דער וואָלף דעם לעמעלע געוויזן זיינע ציין...

---

די לעצטע שורה און דער נמשל, מיינע ליבע קינדער, זענען,
אַז אויף דער שפּראַך פון פיינט באַדאַרף מען זיך צו קענען.

## דאָס פּישעלע

— פּישעלע, פּישעלע, שווים אַרויף צו מיר, —
רופֿט צום פּישעלע די וועגטקע־שנור,
ווינקט און בייגט זיך, פֿאַרלאָקערט און רעדט, —
עס וויל דיר מיין שנירעלע געבן אַ גלעט...
האַלטן וועל איך דיך אין אַ גלעזערנעם שלאָס,
וועסט שווימען אין וועלעכלעך גאָלדיק און ראָז,
אין גלאַנץ פֿון זילבער וועל איך דיך צירן,
און מיט אייל און פּוטער וועל איך דיך שמירן...

איז זיך פּישעלע מישב און דרייט אויס דעם עק,
און עס שווימט זיך צוריק, און עס שווימט זיך אַוועק, —
צום ערשט וועט עס שווימען דער מאַמעשי פֿרעגן,
און הערן, וואָס האַלט זי, וואָס זאָגט זי דערוועגן.

איז די פּישעכע פֿאַרפֿאַרעט ביי זיך אין דער היים —
אין שטיבעלע פֿון בלעטער, פֿון ריטער און שליים.
ווי נאָר זי דערהערט דאָס, אַזש ווערט איר נישט גוט, —
זי באַגיסט זיך מיט וואַסער און פֿאַכט מיט אַ רוט.
— וויי איז צו מיר, וואָס איך הער!... וויי און ווינד
וועט זיין צו דיר, פּישעלע גאָלדנס, מיין קינד,
אַז צורעדן וועסטו זיך לאָזן צו דער שמד,
און פֿאַרלאָזן מיין שטיבעלע פֿון שליים און פֿון בלאַט!...
ליגן זאָלסטו, קינד מיינס, ביי דער מאַמעס שיפֿן,
איידער דאָס צו הערן פֿונעם שקרם ליפּן.
ווייל ענג וועט דיר זיין דאָרט אין גלעזערנעם שלאָס,
נישט איינמאָל זיך וועסטו צעקלאַפּן די נאָז
אין די ווענט — אין דעם כלומרשטן דרויסן...
אויך מיט יענעמס צירונג זאָלסטו זיך נישט גרויסן,
ווייל דאָס שענסטע צירונג זענען דיינע שיפּן, —
אַז דו וועסט עס היטן, וועסטו זיין מיט גאַנצע ריפּן.
גלאַנץ פֿון זילבער זאָגט דיר צו דער פֿרעסער,
נאָר ווייס, דאָס איז דער גלאַנץ פֿון גאָפּל־מעסער...

# דער קאַטער און דער פויגל

איינמאָל ציט זיך אויס אויף דרערד אַ קאַטער,
מאַכט זיך פּלאַטשיק, דין, האַלט איין דעם אָטעם,
ווייל ער לויערט אויף אַ פויגל, קוקט אים נאָך און שנאַפּט אים,
און אין דער ערשטער רגע, ווען ער כאַפּט אים,
בייסט ער אים נאָר בלויז איין פליגל איין
און לאָזט אים ליגן לעבן זיך און טענהט מיט אים איין:
— רו זיך אָפּ, מיין פייגעלע, דו דאַרפסט זיך נישט באַמיען
צו הויעלן נאָך אַמאָל פון דאַנען פליען,
דו ביסט אין מיין רשות, נאָר כ'טו דיר נישט קיין שלעכטס,
דו פעלסט מיר נאָך נישט צו צום היינטיקן געקעכטס,
און אויך אַפילו נישט צום מאָרגנדיקן פרישטיק;
די אכילה און דער פרעס, זיי זענען נישטיק
אַקעגן ווערט
פון הערן דיינס אַ שטיקעלע קאָנצערט.
כ'מוז מודה זיין, די לידער דיינע רירן מיך ביז טרערן, —
פאַרגלאָצט דער קאַטער אין באַגייסטערונג די אויגן, —
נאָר קיינמאָל האָב איך נישט געקענט דיך לייטיש הערן,
ווייל באַלד ביסטו פון מיר אַוועקגעפלויגן...
כ'האָב אָפּט געבעטן זיך ביי דיר:
זינג אויך עפּעס אַמאָל פאַר מיר, —
חלילה נישט געמיינט קיין שלעכטס, ווי גאָט איז מיר אַ פאָטער,
נאָר דו — דו פלעגסט מיך הערן, ווי דעם קאָטער...
מיט קנאה פלעג איך זען, ווי ס'איז דיר נישט געווען טייער
צו שענקען אַלעמען דיין מי און טרחה;
פלעגסט זינגען פאַרן קוימען, פאַרן דאַך פון שייער,
און פאַרן בוים, און פאַרן צלם פון דער קירכע,
נאָר איצטער ביסטו פון דעם אַלעם ווייט און פטור,
און וועסט כאָטש איינמאָל מוזן זינגען פאַר אַ פראָסטן קאָטער!...
דו שווייגסט, מיין פייגעלע? האָסט פינף מינוט זיך צו באַקלערן, —
אויב זינגסטו נישט, וועסטו די נעגל מיינע באַלד געהערן!
דער פויגל הערט
און שליידערט זיך און שלאָגט זיך קאָפּ אין דרערד,

עס שטעכן אים דעם קאַטערס רייד, ווי זיינע וואָנצעס,
און ער פאַרהייבט זיין בליק צום הימל און דערמאָנט זיך:
ווי שיין איז אַלץ געווען ערשט נישט לאַנג —
פליגל־פלאַטער, פרייהייט און געזאַנג.
איצט וועט ער זיך אַרויף שוין נישט פאַרהייבן,
איז וואָס זשע האָט אַ זין פאַר אים אויף דערערד צו בלייבן?
און וואָס זשע האָט דען שוין זיין זינגען פאַר אַ ווערדע,
אויב זינגען פאַר די נעגל פון זיין מערדער?
ניין, קיינמאָל וועט מען דאָס ביי אים נישט פועלן,
און מעג מען האָבן דאָרטן טויזנט מאָל באַפוילן!...
דערביי צעוויינט ער זיך פאַר בושה און פאַר ליידן,
אַזש ס׳רעגט זיך אויף דער קאַטער טיף באַליידיקט:
— העי, וואָס איז דאָס פאַר אַ וויינען, פאַר אַ קלאָגן?! —
ז י נ ג ע ן!
דערויף האָב איך מטריח זיך געווען נאָך דיר צו שפּרינגען,
און דיר געבערענגט אַהער צו טראָגן?! — — — —
דו האָסט נאָך איין מינוט מיט פינף סעקונדן! —
האָט שאַרף דאָס גרינס אין זיינע אויגן זיך געצונדן.
— — — — — — — — — — — —

מיט רויט פון שקיעה גיסט פון האָריזאָנט זיך,
און מיט רויט פון בלוט — פון שפּיזנדיקע וואָנצעס,
און אין אַ וואָלקנדל פון פעדערן — פון זיך אַליין,
וועט אויך דער לעצטער וויטיק באַלד פאַרגיין.
און אויף דער לעצטער און געהייליקטער סעקונדע
וואַרט שוין דער פאַרמשפּטער, ווי אויף אַ רעטונגס־וווּנדער,
ווייל בעסער וועט ער שטאַרבן, איידער זינגען
פאַר דעם, וואָס וויל זיין ליד צו זיך באַצווינגען...

## מיין אַרמיי...

איך בין אַ קאָמאַנדיר,
און אָט איז מיין אַרמיי —
צונויפגעשטעלט פון קליינע אותיות.
אויף וועגן — לאַנגע בייגעלעך פּאַפּיר,
זי גייט, מאַרשירט,
קוקט אָן און זעט, ווי גרויס זי איז!
אויף פלוצלינגדיק־געגעבענע אַלאַרמען
פון וועקנדן טרומייט — מיין פען,
זי רירט,
פון האַרץ אַרויס — די טונקעלע קאַזאַרמע.
זי גייט, מאַרשירט,
אַהין, וווּ איך באַפעל נאָר,
אין שורות אויסגעשטעלטע
פון געהאָרכזאַמע, געטרייע זעלנער,
אין סטראָפן —
אין קאָלאָנעס לאַנגע, אין קאָלומנעס,
אומענדלעך ציען זיי
אויף שטחים אומגעהייערע,
וווּ ס׳נעמט מיין בליק אַרום נאָר.
ס׳קלינגט צו צום ריטם זייערן
ס׳געשליפענע, געפוצטע וואָפן
פון יעדן מין, פון יעדערן קאַליבער —
מיט קוילן — פינטעלעך, מיט שפּיזן — אויסרוף־צייכנס,
מיט ביקסן — די פאַרלייגטע אַפּאָסטראָפן.
אָט איז זי, מיין אַרמיי,
וואָס אַלע גרענעצן גייט זי אַריבער,
און אַלע לענדער, אַלע בערג און אַלע טייכן,
נאָר רירט אין ערגעץ גאָרנישט אָן —
נישט מענטש, נישט ברויט, נישט ערד,
נישט קויל, נישט נאַפט, נישט אַרץ,
און איינעמען וויל זי נישט מער
ווי דעם שטח פון אַ מענטשלעך האַרץ.

# אינהאלט:

## I



## II



## III

## IV



## V